Rok I. Kraków, 14 maj 1909 — קראקא, כ"ג אייר תר"ס"ט. Nr 18




**Żydowska gazeta illustrowana**

Wychodzi każdego piątku.

**Prenumerata wynosi:** Rocznie 10 K. = 5 Rbs. Półrocznie 5 K. = 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs
Pojedynczy egzemplarz 20 h. = 10 Kop.

**Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.**

**Jüdische Illustrierte Zeitung.**

ערשיינט יעדען פרייטאג.
אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראנען = 5 רובל. האלביעהריג 5 קראנען = 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראנען, = 1.50 רובל.
איינצעלנע נומער 20 העללער = 10 קאפ.
אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק, האלביעהריג 7 50 פיערטעליעהריג 4 פראנק.
רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראדזקאסטע 62. טעלעפאן נו' 412. עסטרר. פאסטשפארקאסען־קאנטא נו' 67,341.

**הויפטפערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, מיאדאווא נו' 12 פיליע אין לאדז: פרזעיאזד נו' 15.**

# די קראנפרינצעסין פון האלאנד.



די קראנפרינצעסין פון האלאנד: אין געגענווארט פון פרינצרעגענט היינריך און פון די מיניסטער ווערד די פרינצעסין איינגעשריבען אין דעם מאבריקען־בוך פון דער שטאדט האאג.



דר. מרדכי ברוידא, דער נייער ראבינער פון לאָדז.

# די קראנפרינצעסין פון האלאנד.

די שמחה פון דעם האלענדישען פאלק איבער דער געבורט פון דער קראָנפרינצעסין איז נאָ־ נישט צום בעשרייבען, האטשי ס׳זענען שוין אריבער מעהר ווי 10 טעג זייט דעם גליקליכען עראייגניס, וועהט זיך דאס גאנצע לאנד אוים יום־טוב׳דיג, אין אלע שטעדט און שטעדטליך ווערען פעראנשטאלטעט פעסטליכקייטען און פאראדעס; דאס פאלק טאנצט פשוט פאַר שמחה. אין די נאכטען פעראנשטאלטעט מען היסטארישע אויפציגע און פאראדעס, אבענדס אילומינירט מען די הייזער, אויף אלע בערג און טהורמעס צינדט מען אן גאנצע פייער מיט פעטראלעאום און סמאלע — דאס געוועהנליך קאלטבלוטיגע רוהיגע האלענדישע פאלק לעבט ווי אים רויש.

פיעל רייכע לייט, באנקהייזער און אינסטיטוציעס האבען געווידמעט גרעסערע געלד בעטרעגע און ערריכטעט שטיפטונגען אויפ׳ן נאמען פון דער יונגער פרינצעסין. די ערצטע געבען יעדען טאג ארוים א בעריכט איבער׳ן בעפינדען פונ׳ם קינד. וויפיעל ס׳האט אין געוויכט, ווי ס׳האט געשלאפען און וויפיעלמאל ס׳האט געגאסען... נאך א גליק וואס אין האלאנד זענען קיין „שדכנים׳ ווי ביי אונז נישט פערהאנען, זאנסט וואלטען זיי אבגעשלאַגען דער קעניגין די טהירען מיט שדוכים...

בעזאנדערס פייערליך איז געווען די איינשרייבונג פון דער יונגער פרינצעסין אין די מאטריקען. די צערעמאָניע האט שטאטגעפונדען אין א גרויסען זאַאל פונ׳ם קעניגליכען פאלאסט, וואוהין דער מאטריקען־פיהרער פון דער שטאדט האאג איז געקומען מיט זיינע ביכער. די פרינצעסין איז אריינגעבראַכט געוואָרען פון איהר ניאנקע און אין געגענווארט פונ׳ם מיניסטער דעם איסערן וואן סווינדרען, פונ׳ם יוסטיצמיניסטער לווירענציוס נעלסען, פונ׳ם פרינץ רעגענט הייגריך (דעם פאטער פון דער פרינצעסין) און פון זיין אדיוטאנט האט מען דעם נאמען פון דער פרינצעסין איינגעשריבען אין בוך און די מיניסטער האבען זיך געחתמ׳עט אלס עדות, אז דאס איינגעשריבענע קינד איז טאקי די פרינצעסין יוליאנא ווילהעלמינא, וועלכער ס׳געהערט דאס רעכט אויף דער קעניגסקרוין פון האלאנד.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א בילד, פארשטעלענדיג דיזע פייערליכע צערעמאָניע לויט א אריגינעלע פאָטאָגראַפישע אויפנאהמע.

# ביאליק אין ארץ־ישראל.

דער בעריהמטער העברעאישער דיכטער ח. נ. ביאליק, ווײלט זייט עטליכע וואכען אין ארץ־ישראל.

דער עמפפאנג, וואס די ארץ־ישראל־יודען האבען איהם געמאכט, איז געווען דער גרויסארטיגסטע, וואס ארץ־ישראל האט אין די לעצטע יאהרען געזעהען.

אין יפו, וואו ביאליק איז אנגעקומען מיט׳ן שיף, איז איהם פאסט די גאנצע שטאדט א קעגענגעגאנגען צום האפען, אלע פעראיינע, שולען, אינסטיטוציעס האבען ארויסגעשיקט דעפוטאציעס מיט קרענץ, בלומען און ווידמונגען „למשוררנו הלאומי!“.

ווען דאס שיף איז אנגעקומען, זענען איהם די פיהרער פון די דעפוטאציעס אקעגענגעפאהרען מיט א



ביאליק אין ארץ ישראל: דער בעריהמטער העברעאישער דיכטער ח. נ. ביאליק.

קליין שיפעל, פון וועלכעס עס האט אראבגעוועהט א יודיש־נאציאנאלע פאהן, זינגענדיג העברעאישע שירים.

די בעגריסונג איז געווען גאר פייערליך און הערצליך און דערנאך האט דער גאנצער עולם בעגלייט דעם דיכטער אין זיין וואהנונג, וועלכע געפינט זיך אין דעם פיערטעל „נוה־צדק“. אזוי אז מען איז פאריבערגעגאנגען באלד די גאנצע שטאדט אין א פעסטליכען אויפצוג. אבענדס איז אבגעהאלטען געווארען אין איינעם פון די גרעסטע און שענסטע זאלען א בעגריסונג, אין וועלכער ס׳האבען טהיילגענומען פאסט אלע יפו׳ער יודען אהן אונטערשיעד פון פארטייי און קלאס.

אלע רעדנער האבען אויסגעדריקט דעם הייסען וואונש, ביאליק זאל שוין בלייבען אין ארץ־ישראל אויף תמיד.

טיעף גערירט האט דאנקט דער דיכטער פאר דער הערצליכער בעגריסונג, ענטפערנדיג, אז פון דער יודישער יוגענד, פון די קליינע קינדער, וואס געניעסען א אמת



די עראייגניסע אין דער טירקיי: די פון די יונגטירקען געטערטעטע אלטטירקען ווערען אויף טראמוואי־וואגען ארויסגעפיהרט אויסער דער שטאדט.

יודישע העפּרעאישע ערציהונג, וועט קומען די אויפלעבונג פון דער יודישער אומה.

דעם אנדערן טאג האט מען צו עהרען פון דעם דיכטער פעראנשטאלטעט א סעודה. ביי וועלכעם ס׳זענען געהאלטען געווארען פערשיעדענע טאאסטע. דערנאך האט דער עולם געטאנצט יודישע טענץ. דאס „מעני׳ (שפּייזע־קארטע) ביי דער סעודה איז געווען העברעאיש און די מאכלים האבען געהאט די נעמען פון פערשיעדענע ביאליקס שירים.

די זעלטענע שפּייזע־קארטע האט פאלגענדען נוסח:

„לכבוד ה. נ. ביאליק, פת ערבית — „מגלת האש׳, ערוכה ע״י מרכז המורים. יפו, ד׳ ניסן אתת״מ.,

מאכלים — „העינים הרעבות האלה׳: דגים — „משוט במרחקים׳; מ״ק — „הברכה׳; בשר צלי, עם פול — „אריה בעל נוף׳, בשר עוף — „אל הצפור׳.

ירקות — „פעמי אביב׳; ענבניות — „בשל תפוח׳; בצלים — „בשדה׳; חסה — „אכן חציר העם׳; מלפפונים — „מתי מדבר׳. לפת — „זוהר׳.

פירות — „כוכבים מציצים וכבים׳: תפוחי זהב — „שירי קיץ״; שקדים — „משירי עם״.



די עראיגניסע אין דער טירקיי: אבדול האמיד׳ס אבער־איינוך נאדיר אגהא, וועלכען די יונגטירקען האבען פעראורטהיילט צום טויד.

יינות — „הרהורי לילה׳: קוניאק — „משלנו׳; יין ראשון לציון — „משירי החורף׳.

פּ־פּראות — „אכן גם זה מוסר אלהים׳; פורינג — „המתמיד׳; פּ־פרת תפוחים: „תקות עני׳; קהוה — „למתנדבים בעם׳.

ביאליק און זיינע בעגלייטער האבען דערנאך בע־



די עראייגניסע אין דער טירקיי: די זוהן פונ׳ם נייעם סולטאן מוהאמעד V.

זוכט די יודישע קאלאניעס. איבעראל איז דער דיכטער עמפּפאנגען געווארען מיט׳ן גרעסטען פּאראד. בעזונדער׳ס גרויסארטיג איז געוועזן דער עמפּפאנג אין „רחובות׳.

ירושלים האט זיך נאר פייערליך אנגעגרייט, צו בעגריסען דעם גרעסטען יודישען דיכטער. דארט איז זאגאר געוועהלט געווארען א בעזונדער עמפּפאנגס־קאמי־טע, וואס האט געזאלט ארגאניזירען דעם פייערליכען עמפּפאנג. ביאליק, פערציכטענדיג אויף דעם גרויסען כבוד, האט אבער אבגעטהון א שפּיצעל און איז געקומען קיין ירושלים צוויי טעג פריהער, אבענדס, שטילערהייד...

אבער נעהאלפען האט איהם דאס נישט! די ירושלימ׳ער יודען האבען איהם די פאראדע נישט גע־שענקט. פעסט־אבענדע, באנקעטע, בעגריסונגען, פערזאמ־לונגען זענען אבגעהאלטען געווא־ען איינער נאך דער אנדערען, ווי לאנג דער חשוב׳ער גאסט איז געוועזען אין ירושלים.

ביאליק בעזוכט נאך ווייטער „חברון״ און נאך א מאל „רחובות׳. צו זיין כבוד האט מען דא־ט פעראנ־שטאלטעט א גרויסארטיגען אויפצוג, אין וועלכען טייזענ־דער יודען פון גאנץ ארץ־ישראל האבען זיך בעטהייליגט; א אויפצוג מיט פפערדע־וועט־רענען, וועט־שיעסען, וועט־קעמפּפע או. ז. וו.

איבעראל וואוהין ביאליק איז געקומען, איז געוועזען א יום־טוב פאר יודען.

קיין שום העבּ־עאישער דיכטער האט נאך נישט אין ערגיץ ערלעבט אזא כבוד ווי ביאליק אין ארץ־ישראל, וואו ער וועט נאך פערבלייבען עטליכע וואכען.

ביאליק, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינטי־גער נומער, ברויך שוין נישט פ־ענגען יהודה ליב גורדונ׳ס שאלה: „למי אני עמל?׳.

דער גרויסארטיגער עמפּפאנג, וואס איז איהם גע־מאכט געווארען אין ארץ־ישראל, בעווייזט, אז דאס יודי־שע פאלק פערשטעהט צו עהרען און צו שעצען זיינע נאציאנאלע דיכטער!...

# א רעטהזעלהאפטער טוידט.

אים עסטעררייכישען רייכסראטה האבען די אב־געארדנעטען דר. דיאמאנד און חברים איבערגעגעבען א אינ־טערפּעלאציע צו דער רעגיערונג וועגען דעם רעטהזעל־האפטען טוידט פונ׳ם יודישען צינס־פיהרער נאטאן נ ע ש.

אין דער אינטערפּעלאציע ווערד דערצעהלט, אז נעש איז אם 7 מערץ ה. י. אין לעמבערג איינבע־רופען געווא־ען אלס רעזערוויסט צום דיענסט. צוויי טעג דא־נאך איז ער קראנק געווא־ען און מען האט איהם איבערגעגעבען אים שפּיטאל. די פאמיליע פונ׳ם קראנקען האט מען צו איהם נישט צוגעלאזט און דער רעגימענטס־ארצט דר. ח י ו ת (א יוד), וועלכער האט דעם קראנקען בעהאנדעלט, האט זיין שוועסטער ערקלערט: „מיר קענען שוין אוינע יודישע סימולאנטען׳. 17 טעג שפּעטער האט מען דעם קראנקען ווידער אבגעשטעלט צו זיך א היים. ער האט אזוי הושך דינג אויסגעזעהען, אז דער איינענער פאטער האט איהם נישט דערקענט. א וואך שפּעטער איז ער געשטארבען.

וואס מיט איהם איז אין שפּיטאל געשעהען, ווייסט מען נישט. עס ליעגט אבער פאר דער חשד, אז ער איז דארט בעהאנדעלט געווארען אלס סימולאנט, ד. ה. אז ער מאכט זיך אבזיכטליך קראנק, כדי מען זאל איהם אהיים־לאזען, און מען האט איהם דארט געמוטשעט.

דער אבגעארדנעטער ברייטער האט תיכף ווי ער האט ערפאהרען נעש׳ס טוידט, געמאכט אנ׳אנצייגע ביי דער שטאאטסאנוואלטשאפט אין פערלאנגט א אונטער־זוכונג. מען האט די לייכע אבדוצירט אין נעגענווארט פון מיליטער און ציווילערצטע. ד. ערצטע האבען זיך אבער איבער די טוידט־אורזאכע נישט געקענט אייניגען און די זאך איז יעדענפאלס געבליעבען ווייטער רעטהזעלהאפט. די אינטערפּעלאנטען פאדערן פון דער רעגיערונג א שט־ענגע אונטערזוכונג און בעשטראפען די שולדיגע.

דער רעטהזעלהאפטער טוידט פון דעם צונס־פיהרער נעש, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין דער היינטיגער נומער, האט אין לעמבערג א־ויסגערופען א שטארקע אויפרעגונג.



שרעקליכע שרפה: אין סאינט־אויען ביי פאריז זוערען 9000 מאנען עהל און בענזין פערברענט

# א אינדישער פרינץ אין אייראפא.

דער מאהאראדשא פון נהא־אפטור, א ענגלישער שוטצשטאאט אין אסטאינדיען, פאהרט איצט ארום אין אייראפא, וועלענדיג קענען לערנען די דארטיגע צושטענדע.

דאס איז צוואר קיין נייעס נישט. אזיאטישע פרינצען האבען שוין נישט איינמאל בעזוכט אייראפא אויס בלויסער נייגיערדע אדער כדי צו שטודירען די אייראפעאישע פערהעלטניסע. דאס מערקווירדיגע ביי דער איצטיגער פרינצען־רייזע איז, אז דער נייגיעריגער רייזענדער איז ערשט אלט $9\frac{1}{2}$ יאהר...

אין זיין בעגלייטונג געפינען זיך דער אינדישער שטאאטס־אפיציער מאיאר פישער, די ערציהערין פונ'ם פרינצען פריילייןן סוטערלענד, א הויפ־אמע פון זיין מוטער און נאך עטליכע דינער.

דער פרינץ זאל זיין זעהר קלוג. ער האט פערווילט א צייט אין פאריז און איצט געפינט ער זיך אין לאנדאן.

מיר ברענגען אין אונזערער היינטיגער נומער א אריגינעל בילד, פארשטעלענדיג דעם $9\frac{1}{2}$-יעהריגען אייראפא רייזענדען מיט זיין בעגלייטונג.



א אינדישער פרינץ אין אייראפא: דער $9\frac{1}{2}$ יעהריגער פרינץ פון נהא־פטור מיט זיינע בעגלייטער אין פאריז.



די ערייגניסע אין דער טערקיי: די ווילא „אלאטיני", אין וועלכע דער געוועזענער סולטאן אבדול־האמיד איז געפאנגען.

# צוויי שיפען פערברענט.

אים האפען פון האוואנא (הויפטשטאדט פון דער אינזעל קובא) איז אויסגעבראכען אין מיטען דער נאכט אויסגעבראכען א שרעקליכע שריפה אויף צוויי דייטשע שיפען.

דאס פייער האט בעלייכטעט די גאנצע שטאדט און אלע בעוואהנער זענען ארויסגעאיילט, צו זעהען, וואס ס'איז געשעהען.

דער פרעזידענט פון דער רעפובליק האט זיך פערזענליך בעטהייליגט אין דער לעש־ארבייט, וועלכע איז געפיהרט געווארען מיט גרויס ענערגיע. אבער ס'האט נישט געהאלפען, די שיפען זענען אין גאנצען פערברענט געווארען. דער שאדען איז אונגעהויער גרויס.

מענשענלעבען זענען ביי דער שריפה, פון וועלכער מיר ברענגען אין אונזערע היינטיגער נומער א בילד לויט א אריגינעלער פאטאגראפישער אויפנאהמע, נישט צו בעקלאגען, אלע מאטראזען און ארבייטער האבען זיך גערעטעט.

# וועט־פאהרען פון לופטבאלאנס.

אין דייטשלאנד איז שוין דאס פאהרען מיט לופט־באלאנס אזוי ווייט פארטגעשריטען, אז מען קלערט שוין איינצוריכטען שטענדיגע לופטבאלאן־פאהרטען צווישען פערשיעדענע שטעדט. די ערשטע דערארטיגע שטרעקע וועט זיין צווישען פרידריכסהאפען און שטראסבורג און די לופט־באלאנס וועלען פערקעהרען עטליכע מאל אין דער וואך אין בעשטימטע טעג און שעהן, גלייך ווי שיפען אדער אייזענבאהנען.

אבער אויך דער שפארט בענוצט זיך איצט מיט די לופטבאלאנס. אין דארטמונד האט מען דיעזע טעג פעראנשטאלטעט א וועט־פאהרען פון לופטבאלאנס. דער באלאן „באכוס" איז פערפאלגט געווארען פון 5 אנדערע באלאנס. פיערטהאלב שעה האבען זיך די באלאנס ארום־געיאגט אין דער לופט. ערשט ביים לאנדען אין בעשבערג איז עס דעם באלאן „באמבערג" געלונגען, צו ערייכען דעם „באכוס" און צו בעקומען דעם ערשטען פרייז.

א אונגעהויער גרויס פובליקום האט זיך צוגעקוקט צו דעם זעלטענעם וועט־פאהרען, וועלכעס איז אבגעלאפען אהן א שום מכשול.

באלד וועלען אויך אין אנדערע דייטשע שטעדט עהנליכע וועט־פאהרטען פון לופטבאלאנס פעראנשטאלטעט ווערען, דאס פובליקום וועט זיך ביסלעכווייז געוועהנען צו דיעזען רייזעמיטעל, וועלכעס וועט באלד מאכען קאנקורענץ דער באהן און דעם אויטאמאביל.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א אריגינעל בילד, פארשטעלענדיג דעם מאמענט ווען די 6 באלאנס בעווענען זיך אין א גלייכער ריכטונג איבער דארטמונד, אין געגענווארט פון א גרויסען פובליקום.

# די קריזע אין אונגארן.

שוין צוויי וואכען זענען פערפלאסען, זייטדעם דאס אונגאַרישע מיניסטעריום האט דעמיסיאנירט און נאך איז נישט געפונען געווארען קיין אויסוועג, ווי דיעזע שווערע קריזע צו בעזייטיגען.

דאס מיניסטעריום וועקערלע האט זיך געהאלטען דריי יאהר אויף זיין פלאץ, ווען עס האט איבערגענומען די רעגירונג. איז עס בעגריסט געווארען מיט דער גרעסטען פרייד אים גאנצען לאנד און די אונגארן האבען פון איהם ערווארטעט די גרעסטע לייסטונגען.



וועטפאהרען פון לופטבאלאנס: דאס אויפפליהען פון די לופטבאלאנס ביים וועט־פאהרען אין דארטמונד



די עראייגניסע אין דער טירקיי: אחמוד שעפקעט פאשא, דער אָבערבעפעהלההאבער פון די יונגטירקישע טרופפען.

און אין אמת'ן איז עס געווען בערופען, פיעל צו לייסטען, ווייל אין איהם געפינען זיך די פעהיגסטע פּאָליטיקער, וועלכע אונגארן בעזיצט אצינד.

דר. וועקערלע, גראף אנדראסי, פראנץ קאָסוטה, גראף אפאני — דאס זענען מענער פון דער גרעסטען פּאָליטישען פעהיגקייט און טיכטינקייט. אין נאָרמאלע צייטען וואלטען זיי טאקי געקענט פיעל אויפטהון, אָבער אין אונגארן זענען שוין זייט יאָהרען די צושטענדע נישט נאָרמאל. דעם איינפלוס אין לאנד האָבען נישט די רוהיגע, בעזאָנענע עלעמענטע, נאָר די ראדיקאלע שרייערס, וואָס זאָגען צו דעם פאָלק גלייענע בערג און מאכען איהם אפעטיט אויף אַ זאַלכע זאכען, וואָס זענען גאָר נישט צום דערגרייכען.

די רעגיערונג מוז מיט דיעזע צושטענדע רעכנען און ביי יעדער זאך, וואָס זי וויל אויפטהון מוז זי זיך פרעגען, וואָס וועלען זאָגען „יענע" — איבערדעם קען שוין קיין שום וויכטיגע אנגעלעגענהייט נישט ערלעדיגט ווערען „להלוטין", רעספּינימיוו. אלעס בלייבט הענגען אין דער לופט און פון דעם ענטוויקעלן זיך שווערע קריזען, דורך וועלכע דאס גאנצע לאנד ווערד רואינירט.

אויך די איצטיגע קריזע איז ענטשטאנען אויף אזא אופן. די גרעסטע אונגארישע פּאָליטיקער זענען זיך מודה, אז דאס ערריכטען פון אַ זעלבשטענדיגער אונגארישער שטאאטס-באנק וועט פיעל שאדען דעם אונגארישען קרעדיט און דער עקאנאמישען וועלט. דער קאיזער האָט שוין עטליכע מאל אויסדריקליך ערקלערט, אז ער וועט דאצו נישט געבען זיין הסכמה און טראָטץ אלעם דעם עקסיסטירט אין אונגארן אַ גרופּע, וואס וויל נישט אבלאזען פון דיעזער פאָרדערונג; דיעזער גרופּע צוליעב האָט די רעגיערונג געמוזט דעמיסיאנירען און צוליעב דיעזער גרופּע איז אויסגעבראָכען אזא שווערע קריזע.

דער קאיזער איז געפאהרען קיין בודאפּעסט, וואו ער האָט עמפּפאנגען די פיהרער פון אלע פּארטייען און נאָך עטליכע פּאָליטיקער, וואס האבען זיך אין די לעצטע יאָהרען שוין צוריקגעצויגען פונ'ם פּאָליטישען לעבען, כדי צו הערען זייער מיינונג איבער די יעצטיגע קריזע.

אָבער אלע דיעזע גרוידיענצען האבען נישט געפיהרט צו קיין שום ציעל. וועקערלע און אנדראסי, קאָסוטה און אפּאָני האבען מורא פאר יוסטה מיט זיינע חברים און דא העלפט שוין נישט קיין שום חכמות.

וועגען דעם בעזוך פון דייטשען קאיזער-פאר אין וויען, וואס וועט פארקומען דיעזען פרייטאג, האט דער קאיזער געמוזט דיענסטאג צוריקפאָהרען קיין וויען. סיהערט זיך אבער, אז ער וועט באלד ווידער קומען קיין בודאפעסט און פרופען, די קריזע צו בעענדיגען. אלע פאליטיקער זענען אבער איינשטימיג אין דעם, אז די זאך איז אזוי פערוויקעלט, אז מען קען גאר נישט וויסען, וואס דער סוף פון דער קריזע וועט זיין.

דר. וועקערלע, דער ביזהעריגע מיניסטער-פרעזידענט און פינאנצמיניסטער, איז איינער פון די טיכטינסטע אונגארישע שטאאטס-מענער. זיין צוריקטרעטען פון דער אקטיווען פּאָליטישען ארבייט וועט זיין דער גרעסטער פערלוסט פאר אונגארן. אָבער עס וועט מוזען געשעהען, ווייל יוסטה, דער פרעזידענט פון רייכסטאג, וויל אזוי און פאר יוסטה'ן ציטערט איצט גאנץ אונגארן.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער דאָס בילד פון דר. וועקערלע, דעם ביזהעריגען מיניסטער-פרעזידענט.



די קריזע אין אונגארן: דר. וועקערלע, דער ביזהעריגע מיניסטערפרעזידענט.

# דעם מיקאדא'ס טאכטער אין אייראפּא.

פרינצעסין נאשימאָראָ, טאָכטער פונ'ם יאפּאנישען קאיזער, געפינט זיך איצט אויף אַ רייזע דורך אייראָפּא אין פּאריז.

די פרינצעסין גילט אין יאפאן אלס שעהנהייט און אויך די פאריזער דאמען, וואס פערשטעהען זיך דאררויף, בעהויפטען, אז זי איז די שענסטע יאפאנערין וועלכע מען האט ביז איצט אין אייראפּא געזעהען.

די פרינצעסין איז זעהר געבילדעט. קען אייראפּעאישע שפּראכען און אייראָפּעאישע צושטענדע און איהר רייזע אין אייראפּא איז מעהר צום שטודיום ווי צום פערגניגען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א בילד פון דער יאפּאנישען פרינצעסין מיט איהר בעגלייטער לויט א אריגינעלער פאָטאָגראפיע.



צוויי שיפען פערברענט: ביי דער שרפה אים האפען פון האוואנא ווערען צוויי שיפען פערברענט.



שפּיאָן: דער וועגען מיטהילפע פון שפּיאנאשע פראָוורטהיילטע דאַמיאַן צים.

# די עראייגניסע אין דער טירקיי.

אין קאנסטאנטינאפּעל איז רוהיג און שטיל... די יונגטירקען זענען די הערען פון דער שטאדט און דער נייער סולטאן טהוט, וואס זיי בעפעהלען איהם.

דער נראס־וועזיער טעווופיק־פאשא האט דעמיסיאָנירט און דער געוועזענע יונגטירקישע גראָסוועזיער הילמא־פאשא איז ווידער געוואָרען שעף פון דער רעגירונג.

גענעראל שעפקעט פאשא, דער אָבערקאמאנדאנט פון קאָנסטאנטינאפּעל הערשט ראַ־ט ווי א דיקטאטאָר. איבער דער שטאדט איז ארויפגעלייגט דער בעלאגערונגס־צושטאנד און די יונגטירקען מאכען מיט זייערע גענגער קורצען פּראצעס.

אין די טויזענדער מענשען ווערען פערהאפטעט, הונדערטער מענשען הענגט מען אויף עפענטליך אויף די הויפּט־שטראסען. דאס מיליטער־געזשים ווערד געפיהרט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט.

דיזע שטרענגע מאס־רעגעל בעווייזען אבער, אז די יונגטירקען זענען מיט זייער זיעג נישט זיכער. זיי האבען נאך אלץ מורא פאר א געגענרעוואלוציע פון די אלט־טירקען.

די מורא איז אויך בעגרינדעט. פון פילע געגענדען, בעזונדערס פון אנאטאליען, אלבאניען און אראביען,



עקס־קעניגין נאטאליא, די געוועזענע קעניגין פון סערביען.

קומען ידיעות, אז דארט גרייט מען אן א אויפשטאנד קעגען די יונגטירקען...

די מעצעלייען קעגען די ארמעניער האבען אויך נאך נישט אויפגעהערט און די יונגטירקען זענען בלויז שטארק אין סאלאניק און אין קאנסטאנטינאפּעל... אים איבריגען לאנד פערגט מען זיי קיין דעה נישט.

די מיינונג, אז די יונגטירקען האבען זיך שוין געזיכערט די ממשלה, איז נישט ריכטיג. ס'וועט נאך אין דער טירקיי פערגאסען ווערען פיעל בלוט, איידער ס'וועלען דאָ־ט איינטרעטען נארמאלע צושטענדע.

* *

דער געוועזענער סולטאן אבדול־האמיד זיצט אין דער ווילא אלאטיני אין סאלאניק ווי א געפאנגענער. מען לאזט קיינעם נישט צו איהם און ער פערקעהרט מיט קיינעם נישט. די יונגטירקען ווילען די ווילא ארומרינגלען מיט א מויער, כדי זיכער צו זיין, אז ער וועט נישט אנטלויפען.

איבער זיין פערמעגען הערען זיך געוואלטיגע גוזמות. מען שמועסט פון הונדערטער מיליאנען. ס'איז נאטירליך זעהר פיעל איבערטריבען, אבער א סך געלד האט אבדול־האמיד טאקי געהאט.

וואס מען האט געטראפען אים אילדיז־קיאסק, איז קאנפיסקירט געווארען. די יונג־טירקען האבען אויך מיט בעשלאג בעלעגט די געלדער, וועלכע דער סולטאן האט אין אייראפעאישע באנק־הייזער; ס'איז אבער א שאלה, אויב די באנקען וועלען דעם בעשלאג אנערקענען.

א געוויסע פארטיי פערלאנגט, מען זאל דעם עקס־סולטאן אנקלאגען וועגען דער אנשטיפטונג פון דער לעצטען קאנטר־רעוואלוציע. ס'הענגט אב פונ'ם פארלאמענט, אויב אזא מין בעשלוס וועט צושטאנד קומען.

לעת־עתה איז די לאגע אין דער טירקיי נישט קלאר און זי וועט אויך נישט באלד קלאר ווערען.

* *

דער נייער סולטאן מוהאמעד, איז שוין געקריינט געווארען. די קרענונג בעשטעהט אין דעם, אז מען נארטעלט דעם נייעם סולטאן אן דאס הייליגע שווערד פון אסמאן דעם גרויסען. די פייערליכע צערעמאניע, צו וועלכע עס זענען איינגעלאדען געווארען די פאסאלען און קאנסולען, איז פארגעקומען דיעזען מאנטאג אין עיוב. עיוב איז דער הייליגסטער ארט פון די מאהאמעדאנער אין אייראפא, און אויפ'ן דארטיגען בית הקברות ליגען בעגראבען פיעל מאהאמעדאנער, וואס זייערע קערפּער האט מען אריין געבראכט פון גאנץ וויים. די צערעמאניע פון דעם שווערט־ארומגארטלען געהט צו לויט אנ־אלטען זעהר הייליגען מנהג, אויף פאלגענדען אופן: דער נייער סולטאן געהט צום ערשטען אין דעם אלטען פּאלאַ־ל צו האלטען א געבעט פאר דעם נביא מאהאמעד'ס רעליקוויען (איבערבלייבונגען). דערנאך שיפט ער זיך מיט זיין גאנצער סוויטע, אונטער א שיסעריי פון האַרמאטען־קאנאנען, אין פּראכטפולע בארקעס. לענגאויס די ברעגען פון „גאלדענעם האָרן" ביז עיוב. פון דאָרט בעוועגט זיך די פּראצעסיע צום מעטשעט, ביי וועלכען דער סולטאן, — אויב ער האט נאך א מוטער — פיהרט דעם מויל־עזעל, אויף וועלכען זי זיצט. פאר'ן צוים, אין מעטשעט ריכט דער סולטאן אפּ א געבעט פון קוראן. מיט'ן נאמען „פאטיא", און דאן טהוט איהם אן דער גענעראל פון די מעוולעווידערווישען אין קאניא דעם שווערט פון דעם ערשטען אסמאנען סולטאן. דערביי שווערט דער סולטאן און רופט נאך פאר א עדות, אז ער וועט מיט'ן שווערט היטען דאס, וואס זיינע אורעלטערן האבען מיט'ן שווערט פאר'ן איסלאם ערווארבען.

---

# א קאנפליקט אים פּאלען־קלוב.

אין פּאלען־קלוב פון עסטרייכישען רייכסראטה איז אויסגעבראכען א ערנסטער קאנפליקט.

דער קלוב איז צוזאמענגעזעצט פון 4 פּארטייען: קאנזערוואטיווע, דעמאקראטען, נא־ראדאווא־דעמאקראטען און פאלקספארטיי. ביי די וואהלען צו די פערשיעדענע



דעם מיקאדא'ס טאכטער אין פּאריז: פּרינצעסין נאשימאָרא מיט איהר בעגלייטער.

קאמיסיעס פונ'ם רייכסראטה ווערען געוועהנליך אלע דיעזע פּארטייען גלייך בעטהיילט. אינ'ם בודזשעט־אויסשוס, דער וויכטיגסטען קאמיסיע פונ'ם רייכסראטה, זענען ביז איצט געזעסען פון דער דעמאקראטישען פּארטיי די אבגעאָרדנעטע דר. קאלישער (א יוד) און דר. סטאנישעווסקי. איצט זענען פּלוצים די נא־ראדאווא־דעמאקראטען ארויסגעטרעטען מיט דער פאדערונג, אז לויט זייער צאהל קומט זיי צוויי מיטגליעדער אין דיעזען אויסשוס און די דעמאקראטען בלויז איין מיטגליעד. די דעמאקראטען אבער האבען ערקלערט, אז זייערע ביזהעריגע פערטרעטער זענען זעהר טיכטיגע און פעהיגע ארבייטער און מען קען אויף זיי נישט פערציכטען. איבערדעם זאל עס ווייטער בלייבען אזוי. דאפאר וועלען אין אנדערע קאמיסיעס די נא־ראדאווא־דעמאקראטען קענען בעקומען מעהר פערטרעטער.

די נאראדאווא־דעמאקראטען האבען אבער מיט געוואוינטער עקשנות נישט געוואלט אבטרעטען און די זאך איז געקומען פאר'ן פּלענום פונ'ם פּאלען־קלוב. ביי דער אבשטימונג איז דר. קאלישער דורכגעפאלען און אויף זיין ארט האט מען געוועהלט דעם נא־ראדאווא־דעמאקראט באַאַן ב א ט א ל י א.



א קאנפליקט אים פּוילען־קלוב: אבגעאורדנעטער דר. קאלישער, וועגען וועלכען דער קאנפליקט איז ארויסגעקומען.



בערעק יאסעלאוויטש: יאסעל בערקאוויטש, בערעק'ס זוהן.

די רעמאק-אטען זענען דאריבער שטארק אויפגע-רעגט. דר. קאלישער איז איינער פון די וויכטיגסטע סא-ציאל-עקאנאמישע פאליטיקער אים קלוב. ער זיצט שוין אין דער בודושעה-קאמיסיע זייט יאהרען. וואו ער האט פיעל געלייסטעט און מען וואלט איהם נישט בעדארפט אבזוא-פען.

דר. קאלישער אליין פיהלט זיך שטארק בעלייריגט און האט תיכף ערקלערט, אז ער לעגט צוריק אלע זיינע מאנדאטע אלס מיטגליעד פון פערשיעדענע קאמיסיעס. ער האט די אבזיכט, צו פערציכטען אויף זיין מאנדאט.

דיעזער קאנפליקט האט ארויסגערופען א שטארקע אויפרעגונג אין דער פוילישער פרעסע. ס'איז מעגליך, אז מען וועט געפונען א וועג. דעם געקרענקטען דר. קאלי-שער צו בערוהיגען. יעדענפאלס אבער בעווייזט דאס נאך א מאל די ריקזיכטסלאזיגקייט פון די נאראדאווא-דעמא-קראטען.

די גאנצע זאך האט א גרעסערע בעדייטונג. ווייל דר. קאלישער איז א יוד. די נאראדאווא-דעמאקראטען בעקלאגען זיך כסדר, וואס די ציוניסטישע אבגעארדנעטע פון גאליציען ווילען נישט בייטרעטען צום פוילען-קלוב. צום סוף בעהאנדלען זיי אזוי שענדליך דיעניגע יודען, וואס געהערען שוין צום פוילען-קלוב און שטופען זיי מיט געוואלט א-ויס

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער דאס בילד פון דעם אבגעארדנעטען דר. קאלישער, וועגען וועלכען ס'איז ארויסגעקומען דער גאנצער קאנפליקט.



א רעטהזעלהאפטער טוירט: דער צוגספיהרער נאטאן נאש, וואס וועגען זיין טוידט האט מען אינטערפעלירט די רעגיערונג.

---

# דר. מרדכי ברוידא — ראבינער אין לאדז.

דר. מרדכי ברוידא, דער בעקאנטער ציוניסטישער טהוער אין גאליציען, איז געוועהלט געווארען צום ראבי-נער און פרעדיגער אין לאדז.

דר. ברוידא, דער זוהן פונ'ם לעמבערגער רב ר' ליבלי ברוידא, א אוראייניקעל פונ'ם „ישועת יעקב" און פון ר' אברהם ברוידא, איז בעקאנט אלס זעהר א טיכ-טיגער און ערנסטער מאן. דורך עטליכע יאהר איז ער געווען פרעדיגער אין סטאניסלוי, וואו ער האט זיך ער-ווארבען די גרעסטע סימפאטהיען פון דער גאנצער יודי-שער בעפעלקערונג.

אלס ציוניסטישער כלל-טהוער האט ער גענומען א גרויסען אנטהייל אין די ציוניסטישע ארבייטען אין גאליציען אין די לעצטע יאהרען.

ס'איז צו ערווארטען, אז דער נייער ראבינער פון לאדז, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער, וועט אויך אין זיין נייער שטעלונג געפונען די סימפאטהיען פון זיין געמיינדע.

---

# בערעק יאסעלאוויטש.

די טעג איז געפייערט געווארען די 100-סטע יאהר-צייט פון דעם יודישען העלד בערעק יאסעלאוויטש, וועלכער האט געקעמפפט פאר די אונאבהענגיגקייט פון פוילען און זיך ערווארבען אלס פוילישער פאטריאט ווי אויך אלס טאפפערער העלד די גרעסטע אנערקענונג אין יענע צייטען. אפילו דאס פוילישע פאלקס-ליעד האט זיך מיט איהם בעשעפטיגט. נאטירליך איז יענער צייט, וועלכע די היינטיגע יודען עמפפינדען ניכער אלס קרענקונג ווי אלס לויב. דאס איז אז חאטשי ער איז געווען א יוד, איז ער געווען א פאטריאט און א העלד, מיר. די אייני-ניקליך פון די מאקאבעער, פריכען נישט ערשט אזעלכע הסכמות...

בערעק יאסעלאוויטש, געבוירען אין דעם פוילישען שטעדטעל קרעטינג, האט זיך אים יאהר 1794 אנגע-שלאסען דעם פוילישען פרייהייטס-העלד קאשטשיושקא און האט ארויסגעגעבען א אויפרוף צו די יודען, זיי זאלען בילדען א קארפס און קעמפפען פאר די פוילישע פרייהייט.

די פוילען האבען זיין פאטריאטיזמוס אנערקאנט און איהם ערנאנט צום הויפטמאן פון דעם דורך איהם געבילדעטען בעזונדערען יודישען באטאליאן און אין דער שלאכט ביי דער ווארשאווער פאָרשטאדט „פראגא" האט ער בעוויזען בעזונדערען העלדענמוטה און טאפפערקייט. פאסט אלע זיינע זאלדאטען זענען געפאלען און ער איז פון די עסטערייכער געפאנגען געווארען.

שפעטער איז איהם געלונגען פון דער פעסטונג אלמיטץ צו אנטלויפען און זיך צו רעטען קיין פאריז, וואו ער האט זיך אנגעשלאסען צו דער פוילישער עמיג-ראציע און טהייל גענומען אין די נאפאלעאן'שע מלחמות. אין איטאליען האט ער ווייטער בעוויזען גרויסע גבורות עבענזא אין דעם קריעג קעגען פרייסען. אים קריעג פון יאהר 1809 האט יאסעלאוויטש בעקומען די אויפגאבע, איינצוברעכען אין גאליציען און אין פוילען. אם 5-טען מאי איז עס געקומען צו דער שלאכט ביי קאצק. ווי א לייב האט בערעק יאסעלאוויטש געקעמפפט קעגען די עסטערייכישע הוזארען, און האט זיך בשום אופן נישט געוואלט אונטערגעבען. ער איז אלס לעצטער געפאלען אין דער שלאכט. דורך זיין העלדענמוטהיגען קאמפף האט ער אזוי לאנג אויפגעהאלטען דעם פיינד, ביז א טהייל פון זיין מיליטער האט געקענט אריינברעכען אין דעם פיינדליכען לאגער.



בערעק יאסעלאוויטש, צו זיין 100-סטער יאהרצייט

דער עסטערייכישע גענעראל האט אויסגעדריקט די גרעסטע בעוואונדערונג פאר יאסעלאוויטש'ס טאפפער-קייט, און דער דעמילטיגע הערשער פון ווארשא, קעניג פריעדריך אויגוסט פון זאקסען, האט פאר זיין אלמנה רבקה און זיין זוהן יאסעל, וועלכער האט זיך עבענפאלס בעטהייליגט אלס זאלדאט אין די קעמפפע, בעשטימט א יעהרליכע פענסיע פון 1800 פוילישע גילדען.

די פוילען בעטראכטען איהם נאך ביז היינט אלס נאציאנאל-העלד. אין לעמבערג און אין קראקא האט מען צו זיין כבוד אנגערופען בעזונדערע גאסען מיט זיין נאמען און איצט, ביי דער 100-סטער יאהרצייט, ווידמעט די פוילישע פרעסע ווארמע ארטיקעל דעם אנדענקען פון די „גרעסטע יודיש-פוילישע פאטריאטען" בערעק יאסעלא-וויטש און יאסעל בערקאוויטש, וואס זייערע בילדער ברענגען מיר אין אונזער היינטיגער נומער.

---

# א שרעקליכע שרפה.

אין דער פאריזער פארשטאדט סאינט-אייען איז פארינע וואך אויסגעבראכען א שרעקליכע שרפה אין דעם עהל-לאגער פון דער נארדבאהן. 9000 טאנען עהל, פעטראלעאום און בענזין זענען דאבייא פערניכטעט גע-ווארען. דער שאדען בעטרעגט עטליכע מיליאן פראנק. עס זענען אויך עטליכע מענשען פערוואונדעט געווארען.

די שרעקליכע שרפה, פון וועלכער מיר ברענגען צוויי אריגינעלע בילדער אין היינטיגער נומער, האט מען געזעהען עטליכע מיילען ווייט ארום דער שטאדט.



ר' שמואל ציזש, דער פערשטארבענער קאנטאר פון ווארשא

# דון יוסף הנשיא, הערצאג פון נאקסאס

## היסטארישער ראמאן אויס דעם זעכצעהנטען יאהרהונדערט

פריי בעארבייטעט נאך י. ווילרענער.

(זיעבעטע פאָרטזעצונג). *)

זיעבעטעס קאפיטעל.

דון יוסף הנשיא איז צוריקגעקעהרט פונ'ם סולטאנ'ס פאלאסט אין זיין וואהנונג, פערטיעפט אין געדאנקען.

איינענטליך וואלט ער זיך בעדארפט גאר פרייען מיט דעם גלענצענדען זיג, וועלכען ער האט היינט ערוייכט.

נישט בלויז איז עס איהם געלונגען, אבצוווארפען פון זיך די טיאוס'ע השדים, וואס די ווענעציאנישע רעגיערונג האט אויף איהם ארויפגעלעגט; נישט בלויז איז זיין הערר, דער מעכטיגער סולטאן, געוועזען צו איהם אזוי פריינדליך און גנעדיג ווי תמיד. נאר ער האט איהם אויך ערהויבען צו דער העכסטער שטעלע, צו וועלכער א געוועהנליכער מענש קען דערגרייכען.

— הערצאג פון נאקסאס און צוקינפטיגער קעניג פון ציפערן בין איך! — קלערט דון יוסף ביי זיך — איך, הואן מיקעץ, וואס ערשט נישט לאנג האב איך מורא געהאט פאר מיין אייגענער שאטן און געציטערט פאר יעדען בייזען קוק פון א אינקוויזיטארישען שפיאן, איך בין היינט א פירסט, א צוקינפטיגער קעניג!

אבער ער איז דאך נישט אינגאנצען רוהיג! זיין שארפער בליק האט גוט רעקענט, אז דער גרויסוועזיער מוהאמעד סקולי וועט איהם זיין היינטיגען טריאומף נישט מוחל זיין; ער האט עס גוט פערשטאנען, אז אויך דער שייך-אול-איסלאם און די אנדערע טירקישע מיניסטער האבען זיך נאר לפנים געוויזען אזוי פריינדליך צו איהם און גראטולירט צו זיין נייער שטעלונג. אין הארץ ביי זיי אבער זיצט א טיעף געפיהל פון האס און קנאה צו דעם יוד, וואס איז פלוצים אזוי דערהויבען געווארען, און זיי וועלען זיכער בענוצען אלע תחבולות, איהם ביי דער ערשטער געלעגענהייט צו שטירצען.

דאצו קומט נאך דער בעפארשטעהענדער קריעג קעגען ווענעדיג.

וויל ער ווערען קעניג פון ציפערן, מוז ער מאקי פיהרען דעם קריעג און מיט אלע כחות שטרעבען, איהם צו געווינען. און וואס וועט דעמולט געשעהען מיט לעאנארא?

— לעאנארא, לעאנארא! — אט דעם נאמען רופט ער עטליכע מאל, ארומגעהענדיג אויפגערעגט אין זיין גרויסען ארבייטס-צימער — לעאנארא, לעאנארא! ווי גליקליך בין איך מיט דיין ליעבע און ווי אונגליקליך בין איך דורך איהר! אלס פשוט'ער מענש ביזט דו, ערליכען מערכען, מיין גרעסטעס גליק; אלס פאליטיקער אבער שטעהסט דו מיר אין וועג און שטערסט מיינע פלענע!..

ווער זאל זיעגען? דער מענש אדער דער פאליטיקער? דאס הארץ אדער דער קאפ? דאס געפיהל אדער דער פערשטאנד! —

א צייט לאנג געהט ער ארום אויפגערעגט אין זיין צימער. פלוצים עפענט זיך די טהיר און זיין דיענער ערשיינט.

— וואס איז נייעס — פרעגט איהם דון יוסף.

— א פרעמדע פרוי ווינשט, איך זאל זי ארייג-לאזען...

— א פרוי? — פרעגט דון יוסף — ווער קען דאס זיין? דאך נישט לעאנארא... לאז זי אריינקומען!

דער דיענער געהט ארויס און באלד ערשיינט דונא נראציא אים צימער.

— דו ביזט עס, טהייערע מוהמע! — בעגריסט זי דון יוסף מיט פרייד — ווי קומט דאס? דו האסט דאך געזאגט פאהרען קיין פעראַרא?

---

*) נייע אבאנענטען ערהאלטען די פריהעריגע פארטזעצונגען אויף פערלאנגען גראטיס צוגעשיקט.

— איך האב מיר אפער די זאך איבערגעלעגט!

— ענטפערט דונא גראציא — ווייסענדיג, וועלכע שווערע קעמפפע עס ערווארטען דיך דא אין קאנסטאנטינאפעל בין איך צוערשט געקומען אהער, כדי דיר ביי צושטעהען אין דער שווערער שעה...

— דו האסט דיך אומזיסט מטריח געוועזען, טהייערע מוהמע! — זאגט דון יוסף — די שווערע שעה'ן, וועלכע דו מיינסט, זענען אריבער בשלום. דער סולטאן, מיין גנעדיגער הערר, גלייבט נישט אין די מיאוסע פערלייםדונגען פון דעם ווענעציאנישען סענאט. אדרבה, ער האט מיך נאך בעלוינט פאר מיין אויפטראג. ערנענענדיג מיך צום הערצאג פון דער אינזעל נאקסאס; ער האט מיר אויך צוגעזאגט, מיך צו מאכען צום קעניג פון ציפערן...

— צום קעניג פון ציפערן? — רופט דונא גראציא איבעראשט — ציפערן געהערט דאך צו ווענעדיג...

— מיר וועלען אבער פיהרען קריעג מיט ווענעדיג — ענטפערט דון יוסף — און אויב מיר וועלען זיגען, וועט די אינזעל געהערען מיר...

— קריעג קעגען ווענעדיג! — פרעגט דונא גראציא ווייטער — און וואס וועט געשעהען מיט לעאנארא?

— אט דאס איז טאקי דער ביטערער טראפען אין דעם בעכער פון מיין פרייד! — זיפצט דון יוסף — דער געדאנקע, וואס ס'וועט געשעהען מיט לעאנארא, בעשעפטיגט מיך טאקי אהן אויפהער!

— לעאנארא אדער דיין ליעבע צו איהר? — פרעגט דונא גראציא, בליקענדיג מיט פרעגענדיגע אויגען אויף דון יוסף...

— דעם אמת געזאגט — ענטפערט דון יוסף — מעהר זי אליין ווי די ליעבע צו איהר! נישט, ווייל איך האב אין דער קורצער צייט אין איהר פערגעסען! נאר די הויכע אויפגאבען וואס ערווארטען מיך, צווינגען מיין הארץ צו זיין שטיל און נישט צו שטערען די פלענע פון מיין קאפ... אבער ביי דעם געדאנק, צו פיהרען קריעג קעגען ווענעדיג מוז איך דאך דענקען אין לעאנארא...

— איך קען דיר אין דער זאך קיין שום עצה ניכט געבען, ליעבער יוסף! — זאגט דונא גראציע עגסט — נאר אזוי פיעל קען איך דיר זאגען: דו זאלסט טהון דאס, וואס דו מוזט, כדי צו ערייכען דיין פאליטישען צוועק...

דו מוזט בעדענקען, אז נישט בלויז פון דיינעטוועגען האט דיך גאט אזוי דערהויבען, נאר פון וועגען כלל-ישראל. דו, א יודישער קעניג, וועסט קענען העלפען די צעווייטע און צעשפרייטע יודען, ואמעלן די פערפאלגטע און פערטריעבענע און זיי פערשאפען א מקום-מנוחה! דו טארסט איצט אין דעם הייליגען מאמענט נישט דענקען אן דיין אייגענע פערזאן. אין דיינע פריוואט-אינטערעסען, און מענען זיי דיר נאך זיין ווי הייליג און טהייער!

לעאנארא איז שטארק און ענטשלאסען! זי וועט דיך נישט אויפהערען צו ליעבען אפילו ווען דו וועסט פיהרען קריעג געגען איהר פאטערלאנד... ווען דו וועסט דערגרייכען דיין ציעל, וועסטו מיט איהר קענען טהון, וואס דיר וועט געפעלען! היינט אבער מוזטו אבלאזען פון איהר און ווענדען דיינע מחשבות אין אן אנדערער זייט!

— דיין עצה איז גוט און קלוג — ענטפערט דון יוסף — און ווי שווער ס'זאל מיר נישט אנקומען, וועל איך מיך שטארקען, דיך צו פאלגען...

איצט, טהייערע מוהמע, געה אריין אין א בעזונדער צימער, און רוה דיך אויס פון דער רייזע. איך וועל אויך פרובען, מיך אויסצורוהען פון מיינע אויפגערעגטע געדאנקען, אפשר וועל איך שפעטער קומען אויף אנדערע מחשבות.

---

אכטעס קאפיטעל.

אין זיין פאלאץ נעבען ברוזע פונ'ם ים זיצט דער ווענעציאנישע געזאנדטע אין קאנסטאנטינאפעל, אויפגערעגט און אינגעדולדיג.

ער האט מיט א שעה פריהער בעקומען א בריוועל פונ'ם גרויסוועזיער מוהאמעד סקולי, אין וועלכען דער גרויסוועזיער קינדיגט איהם אן זיין בעזוך.

— וואס זאל דאס בעדייטען? — קלערט דער געזאנדטער מארקוס אנטאניא ביי זיך — וואס וויל מוהאמעד סקולי איצט ביי מיר זוכען?... ער איז צוואר מיין פריינד שוין פון לאנג; אבער איצט ביי די געשפאנטע פערהעלטניסע, ווען דער קריעג צווישען ווענעדיג און דעם סולטאן שטעהט פאר דער טהיר, מוז דאך די פערזענליכע פריינדשאפט שווייגען... איך בין איבערדעם זעהר נייגיעריג, וואס ער וויל פון מיר האבען...

אין דעם מאמענט ערשיינט דער דיענער פונ'ם געזאנדטען און מעלדעט דעם בעזוך פונ'ם גראס-וועזיער.

מוהאמעד סקולי קומט טאקי באלד אריין און נאך א קורצער פריינדליכער בעגריסונג זאגט ער:

— איך זעה, מארקוס אנטאניא, אין דיינע פרעגענדיגע אויגען, אז מיין איצטיג ערשיינען ביי דיר וואונדערט דיך זעהר... אין אמת'ן איז מיין היינטיגער וועג מערקווירדיג... מיר זענען צוואר אלטע גוטע פריינד, אבער צווישען אונזערע לענדער שטעהט פאר א בלוטיגער קריעג און אזוי ווי מיר ביידע ליעבען יעדער זיין פאטערלאנד און ווינשען זיין הצלחה, מוזען מיר אונזערע פערזענליכע פריינדשאפט צוריקדרענגען...

— דו האסט רעכט, מוהאמעד סקולי — ענטפערט מארקוס אנטאניא — דיין קומען איבעראשט מיך זעהר, אבער ווייסענדיג, אז דער קריעג צווישען אונזערע לענדער איז א אומזיסטיגער און נישט-נויטהיגער, רעכען איך, אז אונזערע פערזענליכע פריינדשאפט וואלט אפשר געקענט אויספיעל נוצען. דער קריעג זאל ווערען פערמיעדען...

— דאס איז ליידער נישט מעגליך! — זאגט מוהאמעד סקולי — איך בין פון אנפאנג אן געווען א געגנער פונ'ם קריעג... אבער וואס האב איך געזאלט טהון, אז דער יודישער גינסטלינג פון מיין קאיזערליכען הערר וויל דורכאויס דען קריעג, ווייל ער האט דורך איהם צו בעקומען די אינזעל ציפערן און צו ווערען א יודישער קעניג...

— יא, איך האב שוין געהערט דאפון! — ברומט מארקוס אנטאניא — אזוי איז עס, ווען מען לאזט צו די יודען צו די ווייכטיגסטע שטעלען... זיי זענען ווי די רוחות, וואס קוים ניבט מען זיי א פינגער, חאפען זיי שוין די גאנצע האנד. ס'איז דעם געוועזענעם הואן מיקעץ, וועלכער האט ערשט נישט לאנג מורא געהאט פאר יעדען אינקוויזיציאנס-דיענער, נישט גענוג, וואס ער איז די רעכטע האנד פונ'ם סולטאן און הערצאג פון נאקסאס; ער וויל נאך ווערען קעניג פון ציפערן און ברענגען אויף דיעזען הערליכען אינזעל א יודיש קעניגרייך, און איהר, טירקען, ווילט דאס צולאזען!...

— מיר ווילען נישט, אבער מיר מוזען! — זיפצט מוהאמעד סקולי — איך קען מיין הערר, דעם סולטאן, נישט איבעררעדען, אבצוהאקען פון אט דעם קריעג, ווייל סעלים II. האט זעהר ליעב דעם ציפעריאנישען וויין און צוליעב איהם וואלט ער געאפפערט א האלבע מלוכה... איך צענער בלויז מיט די הכנות צום קריעג און טענה, אז מיר האבען קיין געלד נישט דאצו... אבער דאס העלפט נישט... דער הערצאג פון נאקסאס שטעלט צור פערפיגונג זיין גאנץ פערמעגען... די יודען פון אלע לענדער שיקען איהם צו דיעזען צוועק גרויסע סומען געלד. כדי

ער זאל וואס שנעלער קענען ערייכען דאס יודישע קעניגרייך...

— הכלל, וואס קלערסטו צו טהון? — פרעגט דער וועגעציאנישע געזאנדטע — איך דענק, אז דו ביזט נישט געקומען אהער, אויסניעסען פאר מיר דיין ביטערע הארץ, נאר דו האסט עפיס א פלאן...

— יא, דו האסט רעכט — ענטפערט מוהאמעד סקולי — איך האב טאקי א פלאן, צוואר נישט ווי אזוי צו פערמיידען דעם קריעג, דאס איז נישט מעגליך; נאר ווי אזוי צו פערהינדערן, אז דער יעניגע, וואס אראנשירט איהם, זאל נישט גענייסען די פרוכט פון זיין ארבייט!

— דו מיינסט דון יוסף הנשיא? — פרעגט מארקוס אנטאניא...

— יא, איהם מיין איך! — ענטפערט מוהאמעד סקולי

— אלס טירקישער פאטריאט האף איך, יא איך בין זיכער, אז עס וועט אונז געלינגען, צוצונעהמען די אינזעל ציפערן ביי אייך. אבער דון יוסף הנשיא זאל דארט נישט נרינדען קיין יודיש קעניגרייך... דאצו ברויך איך דיין הילף!

— מיין הילף? — פרעגט מארקוס אנטאניא

— וואס קען איך דיר דא העלפען... דו האסט דאך שוין געזעהען, אז אונזערע קלאגען געגען דון יוסף האבען ביים סולטאן נישט געהאלפען, אים געגענטהייל, זיי האבען איהם נאך פערהאלפען צו א גרעסערען איינפלוס...

— נישט אנקלאגען געגען דון יוסף ביים סולטאן, מיין איך — זאגט מוהאמעד סקולי — איך ווייס, אז דאס וועט נישט העלפען... מיר מוזען טראכטען, אז דון יוסף זאל קומען אין פערדאכט ביי זיינע אייגענע ברידער און זיי זאלען אבלאזען פון איהם... דאס קענסט דו ערזייכען!

— איך? — פרעגט דער וועגעציאנישע געזאנדטע ערשטוינט — וואס קען איך דאצו טהון... דו ווייסט דאך, אז איך האב נאך אין מיין לעבען מיט א יוד נישט פערקעהרט...

— נישט ביי די יודען זאלסטו נעגען איהם אגיטירען — ענטפערט דער גראס־וועזיער — מיר ברויכען נאר אבטהון איזא מעשה, וואס זאל אויף איהם ווארפען א חשד אין די אויגען פון זיינע גלויבענס־ברידער, און דעמילט וועט ער זיין עהרגייציגען פלאן, צו זעצען א קעניגסקרוין אויף זיין קאפ, נישט קענען בעפרידיגען...

— הכלל, לאמיך שוין הערען דיין פלאן — זאגט מארקוס אנטאניא — ווייסטו, דו מאכסט מיך ווירקליך אונגעדולדיג...

— דער פלאן איז גאנץ איינפאך — ענטפערט דער גראס־וועזיער — ס'איז דיר דאך בעקאנט, אז דון יוסף הנשיא האט אין וועגעדיג אנגעקניפפט א ליעבעס־פערהעלטניס מיט דער דאנא לעאנארא קו י ר י נ י... ווען ם זאל געלונגען, איהם צו פעראייניגען מיט אט דעם קריסטליכען מעדכען, וועלען די יודען איהם בעטראכטען אלס פעררעטהער פון דער יודישער רעליגיע און וועלען אבפאלען פון איהם...

— איך קען נישט אזוי נוט די יודען — אונטערברעכט איהם דער וועגעציאנער — און ווייס נישט, אויב אזא מעשה וועט האבען אויף זיי אזא שטארקע ווירקונג... אבער אפילו ווען יא, וואס קען איך דאצו טהון... דו וועסט דאך נישט פערלאנגען איך זאל צורעדען די פאמיליע קוירינ׳, זי זאל איהר טאכטער נעבען דעם יוד פאר א פרוי...

— ניין, דאס פערלאנג איך נישט פון דיר! — זאגט דער גראס־וועזיער — דו מוזט נאר אויסקלערען עפיס א שפעקולאציע, לעאנארא קוירינ׳ זאל ארויספאהרען אויף א שיף פון וועגעדיג און מיר זאלען וויסען, ווען דאס געשיעהט און אויף וועלכען שיף זי פאהרט...

— דו מיינסט אפשר, מיר זאלען לעאנארא קוירינ׳ ברענגען מיט געוואלט קיין קאנסטאנטינאפעל? — פרעגט דער וועגעציאנער.

— יא, דאס איז מיין אבזיכט! ענטפערט מוהאמעד סקולי — און איך בין זיכער, אז אונזערע מאטראזען וועלען דאס שוין צישטאנד ברענגען.

— דו ווילסט פערהעלפען דיין פיינד דון יוסף, ער זאל בעקומען זיין געליעבטע? פרעגט מארקוס אנטאניא...

— דאס וויל איך! — ענטפערט דער גראס־וועזיער

— דאמיט וועל איך איהם רואינירען —... זאל ער האבען צו טהון מיט זיין געליעבטער, וועט זיין ענערגיע געשוואכט ווערען, זיך צו בעשעפטיגען מיט פאליטיק, און הויך־לזה, ווען די יודען פערליערען יעדעס פערטרויען צו איהם, זעהענדיג, אז ער פערבינדעט זיך מיט א קריסטליכער טאכטער און וועלען איהם נישט מעהר אונטערשטיצען.

— דאס אלעס איז שוין ריכטיג — פרובט זיך דער וועגעציאנער איינצווענדען — אבער דו פערגעסט, אז איך, אלס וועגעציאנער, קען בשום אופן נישט אבטהון א־א מעשה און אונגליקליך מאכען די פאמיליע קוירינ׳, די אנגעזעהענסטע און איינפלוסרייכסטע אין לאנד...

— איך מיין — ענטפערט מוהאמעד סקולי — אז ראט וואו עס האנדעלט זיך וועגען די אינטערעסען פונ׳ם גאנצען לאנד, דארף דער יחיד, דער פרט, נישט שפיעלען קיין שום ראלע. דענקען מיר שוין אפילו דאס ערנסטע, אז עס וועט לעאנארא קוירינ׳ דא טרעפען א אונגליק... נו, וואס בעדייטעט איין מערכען געגען די אינטערעסען פון גאנץ וועגעדיג.. דו דארפסט נישט פערגעסען, אז דון יוסף הנשיא איז אייער גרעסטער פיינד און ווי לאנג ער וועט זיין גרויס און האבען איינפלוס ביי זיינע ברידער, וועט וועגעדיג קיין רוהיגע מינוט נישט האבען...

דער וועגעציאנישע געזאנדטע קען זיך אבער נאך אליין נישט ענטשליעסען צו דיעזען שריט. אלס וועגעציאנער קען ער עס נישט ברענגען איבער׳ן הארץ, צו פערנארען א וועגעציאנישע טאכטער און זי מיט געוואלט ברענגען קיין קאנסטאנטינאפעל.

דער גראס־וועזיער פרובט איהם איינצורעדען, אז די זאך איז נישט אזוי געפעהרליך און שלעכט, ווי ער מיינט, אבער זעהענדיג, אז ס׳העלפט נישט דאס גאנצע איינרעדעניש, גיבט ער איהם אן׳עצה:

— ווייסטו וואס, ווען דו ביזט אזוי פיינפיהליג און שואך, נישט וועלענדיג נעהמען אזא מעשה אויף דיין געוויסען, קענען מיר די זאך אנדערש מאכען: דו ברויכסט בלויז מיטהיילען דעם וועגעציאנישען סענאט מיין פלאן, איך בין איבערצייגט, אז דער סענאט וועט שוין אלסדינג דורכפיהרען, ווי עס בעדארף צו זיין...

מארקוס אנטאניא קען זיך אויך דאצו נאר שווער ענטשליעסען, אפער שליעסליך האט ער איינגעווילינט...

איצט געזעגענט זיך מוהאמעד סקולי פון זיין וועגעציאנישען פריינד און קעהרט צוריק אהיים, צופרידען, וואס זיין שפעקולאציע איז איהם געלונגען.

— איצט קען איך מיך שוין נעהמען מיט ענערגיע צו די הכנות פאר׳ן קריעג — מורמעלט ער צו זיך — ביז איצט איז מיר די גאנצע זאך געווען צו־ווידער, ווייסענדיג, אז נאך דעם קריעג וועט דער יוד דון יוסף הנשיא ווערען קעניג פון ציפערן און ער וועט דאס געניעסען די פרוכט פון אונזערע זיעגע, וועלכע מיר וועלען ערקויפען מיט דעם בלוט פון טויזענדע גלייביגע מאהאמעדאנער.

אפער איצט קען איך שוין זיין רוהיג... זאל דון יוסף אנשטרענגען זיין מוח און זיין גאנצע ענערגיע, בדי צו פערהעלפען אונזער ארמעע צום זיעג... זאלען די יודען פון דער גאנצער וועלט געבען געלד פאר דיעזען קריעג, און מיר וועלען קענען אונזער געלד שפארען פאר אנאנדערער געלעגענהייט; די פרוכט פון דעם זיעג וועלען די יודען נישט געניעסען... ס׳איז מיר נישט געלונגען צו שטירצען מיין פיינד ביים סולטאן, וועל איך איהם אבווארפען מיט דער הילף פון זיינע אייגענע ברידער...

לעאנארא קוירינ׳! איך קען דיך נישט, אבער דאנקבאר וועל איך דיר זיין פאר מיין גאנץ לעבען! דו וועסט מיר העלפען, אונטערצושטעלען א פיסעל דון יוסף, ער זאל פאלען און נישט מעהר אויפשטעהן.

נאך א׳ט זעלבען טאג איז אבגעפאהרען דער סעקרעטער פון דער קאנסטאנטינאפאלער וועגעציאנישען געזאנדשאפט, מיט א בריעף פונ׳ם געזאנדטען מארקוס אנטאניא, צום וועגעציאנישען סענאט.

אין דעם בריעף האט דער געזאנדטער איבערגעגעבען דעם סענאט דעם גאנצען פלאן מוהאמעד סקולי׳ס ווי אזוי דון יוסף הנשיא צו שטירצען.

דער וועגעציאנישע סענאט איז נישט געוועזען אזוי פיינפיהליג און עמפפינדליך ווי זיין געזאנדטער. די סענאטארען האבען איינשטימיג בעשלאסען דעם פלאן אנצונעהמען און טאקי תיכף געפונען א־עצה, ווי אזוי לעאנארא קוירינ׳ זאל ארויספאהרען אויף א שיף פון וועגעדיג.

די עצה איז געווען פראסט: איהרע ברידער זאלען איבערנעהמען דאס קאמאנדא איבער די קריעגס־שיפען אים קומפטיגען קריעג און זיי זאלען בעקומען דעם בעפעהל וואס שנעלער ארויסצופאהרען.

לעאנארא וועט זיי זיכער בעגלייטען א שטיק וועג אויפ׳ן ים און צוריקפאהרענדיג אליין אויף א שיפעל, וועט מען זי פאנגען און איבערפיהרען קיין קאנסטאנטינאפעל...

(פארטזעצונג קומט).

# ער האט נישט געטויגט...

(א טרויעריגע מעשה).

למאי זאל איך זאגען ער האט נישט געטויגט מיט קיין מיידלעך? ער האט דוקא יא נערערט, און א סך געערעדט, און געמאכט מיט די הענד, און געפינטעלט מיט די אויגען, און געטרעסעלט מיט׳ן בערדיל, און געקלאפט מיט די ליפען און געשאקעלט מיט׳ן קאפ.

און דאך האבען איהם די מיידלעך נישט ליעב געהאט; יא, זיי האבען איהם טאקי נישט געקענט ליידען.

איידער מיט איהם צו רעדען איז שוין טאקי בעסער געווען זיך צו בעגעגענען מיט „הענדיל יאלדי“, ע. ר. אז ער האט געמאכט מיט די הענד, האט עס געהאט א בעזונדערען חן, ער פלעגט נישט שטופען די הענד גלאט אין דער לופט אריין... און אז מ׳האט זיי אבגעשטופט זענען זיי ווייטער געקראכען... אזוי לאנג, אזוי בדייט, ער איז נישט געווען לאנגווייליג...

אויך ער איז חלילה נישט געווען קיין פרוש: האט מען געדארפט לאכען, האט ער געלאכט — נישט אויפ׳ן הויכען קוויטשעדיגען קול. אבער די ליפען האט ער שוין פערצויגען — האט מען דערצעהלט עפיס טויערנעס, האט ער אראבגעלאזט די שווארצע ברעמען און האט געגריזעט דעם נאגעל פונ׳ם גראבען פינגער, האט מען דערצעהלט עפיס נישט קיין אנשטענדיגעס, האט ער אנגעבלאזען די באקען און האט זיך אוועקגעקעהרט אין א זייט...

און קיין חסרונות האט איהם חלילה קיינער נישט געהאט אויסצוזעצען, ביי קיין ליגען האט מען איהם נישט געכאפט, ווייל קיין ליגען פלעגט ער נישט זאגען, בעלייר דינט האט ער קיינעם נישט, ווייל פון נאטור איז ער געווען א גרויסער סבלן, אהן א גאל, און טובות האט ער געטהון א יעדען, ווייל ער איז געווען בטבע א גוטינקער.

און געבילדעט איז ער געווען נאר אהן א שיעור!

איבער וואס, הייסט עס, האט ער אייך רעדען נישט נערערט? איבער פאעזיע, מאלעריי, מוזיק, ארכיטעקטור, פילאזאפיע, סאציאליזמוס, פרויען־פראגע, פראסטיטוציע. אז מ׳שמועסט א געבילדעטער!

און קיין אדעמאן איז ער אויך נישט געווען, אין קיין אויספרענגער איז ער אויך נישט געווען, און קיין קא־נער איז ער אויך נישט געווען, און קיין קארטען־שפיעלער איז ער אויך נישט געווען א. ז. וו.

און אז ער איז אוועקגעפאהרען פונ׳ם שטעדטיל האבען זיך צונויפגעקליעבען אלע זיינע בעקאנטע מיידלעך און ס׳האט זיך ענטוויקעלט אזא מין שמועס:

— א שאד, א שאד, אוועקגעפאהרען!

— נעווען א פיינער מענש.
— זעהר א סימפאטישער.
— געקענט זיך קויפען ליעבע ביי יעדען.
— א שטילער נעווען.
— קיין פליעג אויף דער וואנד נישט זאטשעפעט.
— נעווען נעבילדעט.
— א נענוס נעווען מיט איהם צו רעדען.
— אן עהרליכער, און ערנסטער.
— אן אנשטענדינער יונגער מאן.
— קיינעם נישט זאטשעפעט.
— קיינעם נישט אנגעריהרט...
— נעווען א ביסעל צו שטיל.
— אמת איז אמת, נעווען טאקע אביסעל צו פיין.
— אמת, נעווען א ביסעל נישט קיין איבערגעשפיצטער.
— אוראי, נישט געקענט זיך בענעהמען אין קיין געזעלשאפט...
— פלעג נישט איינמאל זיין טאקע גאנץ לאנגווייליג.
— נישט נעווען קיין מאוס׳ער, נור א שטיקעל...
— צו א...
— קיינעם נישט...
— א נול..
— ער האט — — נישט נעטוינט!
— יא, יא!
— נישט נעטוינט!
— נישט נעטוינט!...

נרזימאלאוו. בר־שבא.

# בכל־מכל־כל.

(דער שאה פון פערזיען טהוט תשובה — מורא פאר קאזאקען — אפשר שוין צו שפעט — אבדול־האמיד און די יונגטירקען — שטארק אדער שוואך — די אנטיסעמיטען האבען וואס צו שרייען — די סודות פון דער ווילנא׳ער אספת־הרבנים — דער נעמיינדע־טאג אין וויען — ווער מאכט די פראטעסטע).

„רשעים אפילו על פתחו של גיהנם אינם הוורים בתשובה", זאגען אונזערע חכמים ז״ל. „רשעים טהוען נישט קיין תשובה אפילו ביי דער טהיר פונ׳ם גיהנם".

דער שאה פון פערזיען איז אבער קיין רשע נישט; כאלד צוויי יאהר האט ער זיך נעבארעט און נעשלאגען מיט זיין איינען פאלק, וואס האט פערלאנגט קאנסטיטוציע, א האלב לאנד איז שוין פערוויסטעט, די העלפט פון די איינוואהנער אויסנעקוילעט, אויסנעמארדעט, נעשטארבען פאר הונגער און פון קרענק... אבער דער שאה האט נישט נעוואלט נאכנעבען.

ביים טהויער פונ׳ם ניהנם אבער האט ער תשובה נעטהון.

הערענדינג פון די יונגטירקישע נצחונות אין קאנסטאנטינאפעל, דערזעהענדינג, ווי ווייניג רעשפעקט די יונגטירקען האבען נעהאט פאר׳ן סולטאן אבדול־האמיד און זעהענדינג ווי רוסישע קאזאקען רוקען שוין אריין אין זיין לאנד און הייבען דארט אן צו בעלי־בית׳זוען — האט דער פערזישע שאה, דער „קעניג פון די קעניגע", תשובה נעטהון און ווידער איינגעפיהרט די קאנסטיטוציע אין זיין לאנד...

אפיקורס׳ים אפילו זאגען, אז מורא בעקומען האט דער שאה נישט פאר די יונגטירקען און נישט פאר׳ן איינענעם פאלק, נאר טאקי פאר די רוסישע קאזאקען... ער האט נישט נעוואלט, זיי זאלען ביי איהם ווערען שטאבילע געסט און האט ליעבער נענעבען קאנסטיטוציע זיין לאנד...

אויב דאס זאל זיין אמת, וואלטען מיר ווידער נעזעהען די איראניע פון דער וועלט־נעשיכטע: ריעזעלבע קאזאקען, פאר וועלכע די קאנסטיטוציאנאליסטען אין רוסלאנד ציטערן אזוי שטארק, האבען פערהאלפען צו דער קאנסטיטוציע אין פערזיען!...

הכלל, די פערזער האבען שוין ווידער זייער פארלאמענט און זייער קאנסטיטוציע. ס׳איז נאר א שאלה, אויב דאס וועט העלפען: אויב דאס פאלק וועט זיך בערוהיגען און שוין גלייבען דעם שאה׳ס הבטחות און זיין איצטיגער שבועה, נאכדעם ווי אלע ביזהעריגע שבועות אבצוהיטען די קאנסטיטוציע האבען איהם נישט נעהינדערט, נאר גיך צו פערגעסען, וואס ער האט נעשוואוירען; און אויב די אויסלענדישע מלוכות, רוסלאנד און ענגלאנד וועלען איהם איצט גלייבען און צוריקציעהען זייער מיליטער פון זיין לאנד.

דער שאה האט זיך אפשר שוין צו שפעט מישב נעווען...

* * *

צו שפעט האט סולטאן אבדול־האמיד דערקענט, אז די יונגטירקען זענען שטארקער פון איהם; צו שפעט האבען אפשר די יונגטירקען דערקענט, מיט וואס פאר א געפעהרליכען נעגנער זיי האבען צו טהון... דער געפאנגענער אבדול־האמיד, וואס טאר נישט ארויסגעהען איבער די ד׳ אמות פון זיין ווילא „אלאטיני", שרעקט זיי נאך אליין מעהר ווי זיי איהם. זיי זענען די הערען אין קאנסטאנטינאפעל און אין סאלאניק, אין דער איבריגער טירקיי אבער קאכט און זידט עס ווי אין א קעסעל... די אלבאנער, די אראבער, די אנאטאליער און ווי די אלע טירקישע פעלקערשאפטען הייסען, זענען פון די יונגטירקען נישט אזוי ענטציקט, ווי איירעפא מיינט; דארט קאכט זיך און הוזשעט זיך; טויזענדע מענשען ווערען נעקוילעט און נעמארדעט, גאנצע רעגימענטער זאלדאטען עמפערען זיך קעגען די יונגטירקישע הערשאפט און די יונגטירקען זענען נישט אים שטאנד, די בעוועגונג צו אונטערדריקען. זייער ביסעל געטריי מיליטער רייכט קוים אויס, קאנסטאנטינאפעל צו שיצען נעגען פיינדליכע אנגריפע, אי דאס אויך נאר מיט דער הילף פון בעלאגערונגסצושטאנד און קריעגס־געריכט... דער שאטען פונ׳ם אלטען, קראנקען, האלב־בלעדען אבדול־האמיד שרעקט זיי כסדר און לאזט זיי קיין רוה... ס׳זעהט אויס, אז נישט אזוי גיך וועלען זיי קענען זיין די אמתע הערען אים לאנד.

זייט עטליכע הונדערטער יאהרען איז קיין פיינדליכער פוס נישט איבערגעטרעטען די שוועלען פון קאנסטאנטינאפעל׳ס טהויערען. ערשט די יונגטירקען האבען די אלטע עהרווירדינע רעזידענץ־שטאדט מיט געוואלט בעצווינגען. ס׳איז אבער מעגליך, אז דאס שפיעל וועט זיך כאלד ווידערהאלען: די אלט־טירקען וועלען ווידער ערא֏בערן קאנסטאנטינאפעל!...

די טירקען האבען אין דער וועלט א שם פאר גבורים. העלדענמוטהיגע קעמפפער; איצט ווייסט מען נישט צו זענען זיי טאקי אזוי שטארק, אז נאר טירקען קענען זיי בעזיעגען; צו זענען זיי אזוי שוואך, אז אפילו טירקען קענען זיי בעזיענען...

* * *

די אנטיסעמיטען זענען נאטירליך מיט די ערײַגניסע אין קאנסטאנטינאפעל זעהר נישט צופריעדען. נישט בלויז די רוסישע אנטיסעמיטען, וועלכע זעהען אין יעדען יוד עפיס א יונגטירקע מיט א רויטען פעץ אויף דעם קאפ; נאר אויך די אנטיסעמיטען אין די אנדערע לענדער: ס׳טײַטש: דער הויפטזיץ פון די יונגטירקען איז אין סאלאניק און פון דער שטאדט איז נעוועהלט א יודישער דעפוטירטער, וועלכער שפיעלט טאקי ביי די יונגטירקען א גרויסע ראליע. דאס איז א סימן, אז יעדע רעוואלוציע ווערד טאקי געמאכט דורך יודען!

וואלטען אבער די יודען געהאלטען מיט׳ן עקס־סולטאן אבדול־האמיד, וואלט מען זיי פערשריענען, אז זיי ווילען דערהאלטען די פוילע צושטענדע אין דער טירקיי, כדי צו קענען דאס לאנד ווייטער אויסבײַטען...

ס׳איז שוין אן׳אלטער כלל, ווי אזוי די יודען טהוען, איז אלץ שלעכט...

* * *

ס׳זענען קוים פערפלאסען עטליכע חדשים זייט דער אספת־הרבנים אין ווארשא, איז דיעזע טעג ווידער אבנעהאלטען געווארען א אספת־הרבנים אין ווילנא.

ווי די ווארשאווער איז אויך די ווילנאער געהיים: מען לאזט נישט צו קיין זייטיגע מענשען, קיין פערטרעטער פון דער פרעסע...

וואס האבען דאס אונזערע רבנים אזוינע גרויסע סודות? — דאס ווייסט מען נישט. לויט דעם פינאנס פון דער אספה איז דארט קיין שום סוד נישטא. אין פיעל זאכען האבען זיי רעכט און יעדער יוד איז גרייט, זייערע פאדערונגען צו אונטערשטיצען — סודות אבער פאר כלל־ישראל וואלטען אייגענטליך רבנים נישט בעדארפט האבען... „יעדעם געהיימניס טראגט אויף זיך דעם סטעמפעל פון א חשד" — אזוי זאגט א בעקאנט שפריכווארט, און שפריכווערטער האבען דאס רוב רעכט...

נו, מילא, די רבנים זענען זייערע אייגענע בעלי־בתים אין דער אספה, וואס זיי רופען צוזאמען און קיין זייטיגער מענש קען זיי דאס נישט ווערען... איינס אבער מעג מען פון זיי פערלאנגען: זייערע החלטות זאלען אין זיך נישט ענטהאלטען קיין חשש „מסירות" קענען יודען, ווי די החלטות פון דער ווארשאווער אספת־הרבנים... „מסירות" קענען יודען, דאס איז א וואך, וואס אפילו רבנים טארען דאס נישט, האטשי זיי זענען א מאל מטהר א שרץ בקין טעמים...

* * *

אין וויען איז פאריגע וואך אבגעהאלטען געווארען א אספה פון די עסטעררייכיש יודישע קהלות. דער צוועק איז נעווען, צו שאפען א געזאמט־ארגאניזאציע פון אלע קהלות.

ווילען אבער די גרויסע גאליצישע קהלות נישט צושטעהען צו דער ארגאניזאציע, ווייל טאמער וועט דאס זיי שטערען אין זייער „אייבײַט" לטובת הכלל; זיי וועלען נישט מעהר קענען שאלטען און וואלטען אין די קהלות ווי למשל אבדול האמיד אדער דער שאה פון פערזיען אין זייערע ניטע צייטען; די קליינע גאליצישע קהלות ווידער האבען אונטערגעשריעבען פראטעסטען קעגען דער ארגאניזאציע און זיי איבערגערייכט ביי דער אספה.

דאס רעכט צו פראטעסטירען האט נאטירליך יעדער מענש. אבער מיר זענען זיכער, אז די מייסטע פון דיעזע „פראטעסטלער" הייבען נישט אן צו פערשטעהען, וועגען וואס און נעגען וואס זיי פראטעסטירען... מען האט זיי „געהייסען" אונטערשרײַבען, האבען זיי אונטערגעשריעבען.

און נאך שרייען די אנטיסעמיטען, אז די יודען זענען „רעוואלוציאנעריש" נעזינט...

* * *

נאר אזוי ווי מיר יודען זענען שוין געוואהנט מיט דעם שרייען, ברויכט איהר אייך דאריבער נישט פיעל קרענקען און האט מיר א

נוטען שבת.

# ר׳ שמואל ציזש ז״ל

פרײַטאג איז נעשטאר־בען אין ווארשא אין עלטער [illegible] 52 יאהר דער לאנג־יעהרינער [illegible]־טער קאנטאר פון סינאנאנע אויף טלאמאצקא נאם שמואל ב״ר אליעזר ציזש ז״ל.

אלס גאנץ יונגער מאן איז ציזש נעקומען קיין ווארשא פון זיין נעבורטס־שטעדטעל ראראשקעוויטש אין ליטא און האט באלד בעקומען א שטעלע אין דער סינאנאגע, פריהער אלס בעל־קורא, דערנאך אלס צווייטער קאנטאר. און אויף דיעזער שטעלע איז ער פערבליבען העכער דרײַסיג יאהר.

פאר איינינע יאהר, ווען ער האט נעפײַערט זיין 25 יעהרינען יובילעאום, האט איהם די סינאנאגע בעשאנקען מיט מתנות, און איהם נעוויזען זעהר גרויס כבוד.

די לעצטע יאהרען האט ציזש כסדר נעליטען פון א שווערע קראנקהײַט. אין דאך האט ער טרײַ ערפילט זיין פליכט, ניט פערפעהלט איין טאג קומען אין סינאג־

נאגע פריה און פאַר־נאַכט. און קוים האָט ער גאר נעהאַט צייט צו שטעהען אויף די פיס, איז ער שוין געשטאַנען בייִ'ם עמוד.

ציזש איז געוועזען בעליעבט אויף די סינאַגאָגע־מתפללים אַלס קאַנטאָר און אַלס פריינדליכער און גוטער מענש.

דער פערשטאָרבענער האט זעהר ליעב געהאַט די העברעאישע שפראַך, וועלכע ער האָט געוואוסט גרינדליך און אויך געשריבען פון צייט צו צייט קורצע נאָטיצען אין די צייטונגען.

ציזש, נישט קוקענדיג וואָס ער האט פערנומען נאר די שטעל פון צווייטען קאַנטאָר, איז בעזעסען אַ טיעפע און ברייטע מוזיקאַלישע בילדונג.

דער פערשטאָרבענער איז געוועזען דער בעסטער פריינד פון דעם יונג־פערשטאָרבענעם העברעאישען דיכטער מרדכי צבי מאַנע, מיט וועלכען ער האָט זיך יאָהרען־לאַנג דורכגעשריבען, און פאַר איהם פלעגט מאַנע אין בריעף אויסגיסען זיין האַרץ.

און די בריעף האָט ציזש געהיט און געזאמעלט אין דערנאָך אַרויסגעגעבען אין דער זאַמלונג, אונטערן נאָמען: „כל כתבי המצייר מאַנע“.

בייַ דער הלויה פון דעם פערשטאָרבענעם, וואָס זיין בילד בריינגען מיר אין היינטיגער נומער, האט זיך בעטהייליגט א גרויס פובליקום פון די בעסטע פאָלקס קרייזען.

# עקס־קעניגין נאטאליא.

די עקס־קעניגין פון סערביען, נאַטאַליא, האט דיעזע טעג געפייערט אין ביאַרריץ איהר 50־סטען געבורטסטאַג.

טרויריג און ביטער איז דער גורל פון אַט דער געוועזענער קעניגין, וועלכע האט א מאל איבערגעקעהרט וועלטען און גאַנץ אייראָפּאַ האט זיך מיט איהר בעשעפטיגט.

מיט איהר מאַן, דעם קעניג מילאַן, האט זי זיך נישט געקענט פערטראָגען, ווייל זי האט זיך כסדר אריינגעמישט אין די פּאָליטיק, וועלענדיג שפּיעלען אַזאַ ראָלע ווי די אַמאָליגע פראַנצעזישע קייזערין „איישעניע“, וועלכע האָט איהר מאַן, דעם קייזער נאַפּאָלעאָן III, געשטירצט אין דעם גרעסטען אונגליק. סיגעקומען אַזוי ווייט, אַז מילאַן האָט זי געצוואונגען צום „גט“ און זי פערטריעבען פונ'ם לאַנד.

שפּעטער האט ער בייַ איהר צוגענומען מיט פּאָליציי־געוואַלט איהר איינציגען זוהן, וועלכען ער האט אַרויפגעזעצט אויף דער שטוהל אַלס קעניג אַלעקסאַנדער.

אבער אויך פונ'ם זוהן האָט נאַטאַליא קיין גרויס נחת נישט דערלעבט. פּאָליטיש איז ער געוועזען אונפעהיג און א שפּיעלבאַל אין די הענד פון די סערבישע אינטריגאַנטען, וועלכע האבען איהם געטריעבען פון איין נאַרישען שריט צום אַנדערען, ביז צום לעצטען שטרייך, דעם חתונה־האָבען מיט דער לעבעדאַמע „דראַגאַ“. דיעזער לעצטער שריט האט שוין בעזיגעלט זיין שיקזאַל און נישט לאַנג דאַרויף האבען די אינטריגאַנטען איהם און דראַגאַ'ן אוועקגערוימט פונ'ם וועג, כדי פּלאַץ צו מאַכען פאַר'ן נייעם קעניג פעטער קאַראַגעאָרגיעוויטש.

און איצט שטעהט די עקס־קעניגין נאַטאַליע אַליין אויף דער וועלט, פאַרלאָזען און נישט געאַכטעט אין די קרייזען, וואָס זענען פאַר איהר תמיד געווען אָפען — אַ אונגליקליכע מוטער, א טרויריגע און פערביטערטע קעניגין.

די עקס־קעניגין נאַטאַליא טהיילט איהר גורל מיט נאָך צוויי אַזאַלכע דאַמען: דער קייזערין שאַרלאַטע פון מעקסיקאַ און דער קייזערין איישעניע פון פראַנקרייך... דיעזע דריי פרויען פיהלען דעם טעם פון „געפאַלענע גרעסען“...

מיר בריינגען אין אונזער היינטיגער נומער אַ בילד פון דער עקס־קעניגין נאַטאַליא, לויט א נייעסטע פאָטאָגראַפיע.

# א שפּיאָן.

אין וויען איז לעצטען שבת דער 40־יעהריגער זעגעוועריק־בעזיצער דאַמיאַן צ י ם אין איטאַליעניש־טיראָל פערורטהיילט געוואָרען אויף 8 חדשים שווערען קערקער, ווייל ער האט אים פערפלאָסענעם ווינטער געפיהרט א איטאַליענישען הויפּטמאַן אין א געגענד, וואו עס ווערד געבויט א עסטעררייכישע פעסטונג.

דער אנגעקלאַגטע האָט בעהויפּטעט, אז דער פרעמדער האט זיך איהם פאָרגעשטעלט אלס פערטרעטער פון א האָלצפירמע אין איטאַליען, מיט וועלכער ער שטעהט אין געשעפטס־פערבינדונג און זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען אָנקוקען דאס געהילץ, וואס געפינט זיך אין יענער געגענד.

אבער ווי פערשיעדענע עדות האבען אויסגעזאָגט, האט ציס גאַנץ גוט געוואוסט, ווער דער פרעמדער פערזאָן איז און ער איז איבערדעם מיטשולדיג אין דעם פער־ברעכען פון שפּיאָנאַזשע.

גאַנץ אויסגעקלערט איז דער פאַל בייַ דער פער־האַנדלונג נישט געוואָרען. דאס געריכט האָט אויך דעם־וועגען דעם אנגעקלאַגטען פערורטהיילט צו דער גרינגער סטען שטראַפע, וועלכע איז איבערהויפּט לויט געזעץ צולעסיג. דער שטאַאַטסאַנוואַלט האט אנגעמעלדעט א רעקורז וועגען דער צו גרינגען שטראַפע.

דער אנגעקלאַגטע, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער, האט ערקלערט, אז ער וועט זיך איבער־לעגען, אויב ער זאָל די שטראַפע אָננעהמען.

# די סודות פונ'ם סולטאנ'ס פאלאץ.

נאכדעם ווי די טויערען פון אילדיז־קיאָסק האבען זיך געעפענט פאר די יונג־טירקישע מיליטער און נאָכדעם ווי מען האט דעם אַבדול־האַמיד'ן אַרויסגעפיהרט קיין סאַלאָניקי, ווערען איצט אויפגעדעקט אלע סודות און שרעקליכע מעשיות פון סולטאַנ'ס פּאַלאַץ, וועלכע זענען ביז איצט אַזוי שטרענג אבגעהיט געוואָרען דורך א מחנה פון אַבדול־האַמיד'ס אייַנוכען און הויף־לייט.

אייניגע פון די ראזינע סודות און שוידערהאַפטע ערצעהלונגען וועגען אַבדול־האַמיד'ס מערדערישער אויפ־פיהרונג, דערצעהלען איצט די אויסלענדישע צייטונגען:

די גרעסטע יסורים פאַ'ן סולטאַן פלעגען פער־שאַפען די נאַכט און די פינסטערניש, ווי נאָר עס פלעגט פינסטער ווערען, פלעגט זיך איהם פאָרשטעלען, אַז פון אַלע ווינקעלען קריעכען אַרויס צו איהם אַלערליי שרעק־בילדער, מורא'דיגע טייַוואַלים און אַלע מיני מלאכי־חבלה. דאַן פלעגט ער אָנהייבען שרייען אויף אַ ווילדען נישט־מענשליכען קול, אז דער גאַנצער אילדיז זאל בע־לויכטען ווערען אַזוי ווי בייַ טאָג. און אַזוי איז ער גע־זעסען ביז אין דערפריה אין שרעקליכע ענויים פון א גע־פייַניגטע נשמה.

אַפטמאָל איז אויף איהם געפאַלען אַ אונגעהייערער שרעק דורך דער שטילקייט. וואָס הערשט אין פּאַלאַץ. דאַן האט זיין אָרקעסטער געמוזט שפּיעלען שעה'ן לאַנג. און ער איז געזעסען איינגעווענט און געהערט די קלאַנגען פון דער מוזיק. ער האָט זיך פיסלעכווייַז בערוהיגט און געגאַנגען שלאָפען. צום אונגליק איז דער שלאָף מיט זיינע שרעקען־חלומות פאַר איהם אפט געווען אַ נייַע צרה. אין ווען נישט זיין אונגעוועהנליך שטאַרקער ווילען מיט זיין אונגעוועהנליכען פערשטאַנד, וואָלט ער שוין געווים פון לאַנג משוגע געוואָרען.

שרעק און פּערדאַכט — דאס האט איהם בעגלייַט טאג ווי נאַכט און האָבען איהם נישט אָבגעלאָזט אפילו אין האַרעם. מען זאָגט, אז ער פלעגט לאָזען דערטרינקען אייַנוכען און ווייַבער פון האַרעם אַזוי ווי מען דערטרינקט קלייַנע בעשעפעניששען, ווען נאר בייַ איהם פלעגט פאַלען דער קלענסטער חשד אויף זיי.

איינמאל האָט ער פערגעסען אין האַרעם דעם רעוואָלווער, מיט וועלכען ער האט זיך קיינמאָל נישט אָבגעשייַדט. א 12־יעהריגע שקלאַווין האט איהם געפונען און זיך געשפּיעלט מיט איהם, נישט וויסענדיג אפילו וואָס דאס איז. אין דעמאָלט אונגעגליק איז אַבדול־האמיד צוריקגעקומען אין האַרעם. דערזעהענדיג דעם רעוואָלווער אין די הענד פון דעם קליינעם קינד, איז ער געבליעבען שטעהען אַזוי ווי פערשטיינערט פון שרעק. אָבער דאס מעדיל, דערזעהענדיג דעם סולטאַן, האָט זי אַראָבגעלאָזט דעם רעוואָלווער אויף דער ערד און זיך פינאַנדערגעוויינט.

די טירען האבען נאך מעהר פערשטאַרקט דעם חשד בייַ אַבדול־האַמיד'ן און ער האט געהייסען, מ'זאל איהר חוקר ודורש זיין. דאס הייסט: מאַטער'ן איהר און אָנטהון יסורים קשים אויפ'ן שרעקליכסטען אופן, כדי זי זאָל זיך מורה זיין. אבער דאס מעדיל האט אונטער די שרעקליכסטע ענוים גאָר־נישט געזאָגט. זי האט נאָר גע־וויינט און געקרעכצט. מען האט זיך איבערצייַגט, אז זי איז אונשולדיג און מ'האט איהר אבגעלאָזט. אָבער די אונגליקליכע איז געבליעבען א קאַליקע אויפ'ן גאַנצען לעבען.

אַבדול־האַמיד האט מורא געהאט פאַר אַלע: פאַר'ן פאָלק, פאַר דער פאַמיליע, פאַר די מיניסטאָרען, הויפלייט, פאַר'ן האַרעם. ענדליך האָט ער פיינד גע־קריעגען אַלע און האָט אלע פערהאַסט. ער האָט פיינד גע־האט אַפילו די נאַטור, ווייל זי האט איהם געקאָנט דורך א דונער דערשלאָגען, צווישען אַלע שרעקבילדער האט איהם נאָכגעיאָגט דאס שרעק־בילד פון טויט, וועלכער געפינט זיך אומעטום. ער איז לעכערליך געוואָרען אין דער גרויסער שמירה, וואס ער האט אַרום זיך איינגע־פיהרט. ער האָט געהאַט שפּיאָנען, אָבער ער האָט זיי נישט געטרויט. האט ער באלד בעשטעלט אַנדערע שפּיאָנען צו וואַכען איבער יענע שפּיאָנען, מיט איין וואָרט, וואו ער האָט זיך געקעהרט און געווענדעט האט נאָר געזעהען טויט־שרעק, שפּיאָנען, רוצחים.

עס איז א גרויסער ספק, אויב אַפילו ערשט, ווען מ'האָט איהם שוין פון טהראָן אַראָבגעזעצט, זאָל ער זיך בערוהיגען. זיין קאָפּ וועבט שוין מסתמא נייַע פּלע־נער, נייַע שרעקענס־בילדער פאר דעם טירקישען פאָלק.

# פון נאהנט און ווייט.

— אין דעם כו־נהאָטעל אין בערלין איז אויס־געשטעלט פאַר'ן פובליקום שלמה'ס בית המקדש. דער דאָזיגער נאָכגעמאַכטער טעמפעל שטעלט פאַר דעם בית המקדש אין דער זעלבער פאָרמע, ווי ער האָט אויס־געזעהן נאָכ'ן איבערבויען דורכ'ן הורדוס'ן. א געוויסער טאָקאַר פון ירושלים האט דעם בנין מיט דער האַנד אויסגעאַרבייט לויט די בעשרייבונגען אין „מלכים“ און „דברי הימים“ און לויט די בעשרייבונגען פון תלמוד. דער בית המקדש איז פון דריי זייטען אַרומגערינגעלט מיט זייטענצימערן פון דריי שטאָק, וועלכע האָבען געדיענט אלס שאַצקאַמערן פאַר די כלים און די אוצרות. די פאָרערשטע זייט איז בעפּוצט מיט א ברייטע פאַרהאַלע, וועלכע איז געשטיצט אויף צוויי זיילען (יכין און בועז). אינווענייג זעהט מען דעם גרויסען הויפּט־פּלאַץ, דאס היילינטום, דעם מזבח הקטורת, און נאָך טיעפער — דעם קדשי־קדשים מיט'ן אָרון. די טעמפּעל־געביידע איז אַרומגערינגעלט מיט אַ פאָרדער־הויף, וואו עס געפינט זיך דער מזבח פאַר די קרבנות. נעבען בית המקדש געפינען זיך דער קונסט־רייכער פּאַלאַץ פון שלמה המלך מיט'ן טהראָן און די גערטנער. אין דער אויסשטעלונג געפינט זיך אויך א נאָכגעמאַכטער משכן.

# צירקוס ווילאנד אין קראקא.

זייט מיטוואָך דען 12 ד. מ. גיבט דאָס בעריהמטע „גראַנד־צירקוס ברידער ווילאַנד“ אין קראָקא זיינע העכסט אינטערעסאַנטע און סענסאַציאָנעלע פאָרשטעלונגען. דער צירקוס איז ערסט־קלאַסיג און פערפינט איבער די בעסטע קרעפטע. אַנפאַנג פון די פאָרשטעלונגען 8 אוהר אבענדס. זאָנטאַג און פייערטאַג פינדען 2 פאָרשטעלונגען שטאַט: פרייזע זעהר מעסיג. דאָס צירקוס געביידע געפינט זיך אין דער דיטעלסגאַסע בייַ דער באַראַקענשולע.

# ביידע נישט צופריעדען...

סקיצע.

פון שלמה עדעלהייט.

I.

אין א ווינטער־דינגען פריה מאָרגען, דער שנעע איז פערשנייט אין אלע גאסען, און דער פראָסט מאָהלט בלומען אויף די שויבען פון די פענסטער.

ביי ר׳ חיים נתן שטייט שטוב איז ווארעם אויסגע־הייצט. דער ברענענדיגער סאמעוואר שטעהט אויף׳ן טיש.

ר׳ חיים נתן דרעהט זיך אַרום אין שטוב און חנה זיין ווייב זיצט און שטריקט אַ זאָק.

זיי האַלטען אין מיטען געשפרעך.

ער גלייבט שטעהן נישט ווייט פון חנה און זאָגט, אַזוי ווי מיט איבערצייגונג:

— עס קען נישט מעגליך זיין! איך זאָג דיר, חנה, אַ ס׳איז אַ ליעגען. מיין קינד וועט דאָס נישט טוהן!... געהן נעהמען און חתונה האָבען מיט אזא פאָדלע יונג, מיט חנא קצב׳ס זוהן, און נאָר זיך נישט אָנפרעגען ביי טאַטע מאַמע?...

— ס׳איז דאָך אָבער פאָרט אַזוי. - רופט זיך אָן חנה מיט א זיפץ — אין אַמעריקא איז אלסדינג מעגליך, איך האָב דיר אַלע מאָל געזאָגט. „זעה, חיים נתן, שיק נישט אוועק אונזער טאָכטער קיין אַמעריקא, ס׳איז אַ טריפה׳נע מדינה... אַ יונג קינד, ס׳וועט פער־פיהרט ווערען“. און אָט האָסטו דיר, האט זי זיך אָנגעזוכט חנא קצב׳ס יונג און האָט מיט איהם חתונה געהאַט. וואָס?

עפּעס שעהן פאר אונזער משפחה?...

— און איך זאָג דיר חנה, אַז איך גלויב עס נישט, אונזער דבורה׳לע וועט דאָס נישט טוהן. וואָס איז? זי קען נישט חנא קצב?... ס׳איז אַ ליעגען! דבורה׳לע איז אַ קלוג קינד, זי וועט דאָס נישט טוהן...

— וואָס דו רעדסט — ניט חנה אַ מאַך מיט׳ן האנד — כ׳האָב דאָך אַליין געלייענט דעם בריעף, וואָס איז געקומען צו פיגא שפּיינדלען פון איהר מאַן, ער שרייבט, אַז ער איז אַליין געוועזען אויף די חתונה. ביי דבורה׳לע חיים נתן׳ס מיט משה הנא קצב׳ס. שעהן האָט זי דאָס אונז אָנגעטוהן. איין מהותן, ר׳ משה׳לי דיין, און דער צווייטער הנא קצב. כ׳וועל דאָך מ׳ך שעהמען אויף די גאַס אַרויס צו געהן.

— און איך זאָג דיר נאָך אַמאָל, אז איך גלויב עס נישט. — ענטפערט חיים נתן, שוין אַ ביסעל פער־צווייפעלט — זי האָט דאָך אונס קיינמאָל נישט גע־שריבען וועגען דעם. — וואָס האָסטו געוואָלט, — בייזערט זיך חנה — אַז זי זאָל דיר נאָך שרייבען וועגען אזא טייערען שידוך?... אז פערברענט האָט געקעהרט צו ווערען אַמעריקא איידער ס׳איז אויף געקומען! מיט וואָס פאר אַ פנים וועל איך קענען שטעהן פאר א מענש? חנה רעם אַלטען שוחט׳ס טאָכטער, חנא קצב׳ס מחותנת־טע... כ׳וועל דאך נישט קענען קיין אויג אַרויסווייזען, ווער שמועסט, אַז כ׳וועל נאָך קומען אין יאטקע נאָך פלייש, און חנא קצב וועט מיר אָנגעבען דעם „סקאצעל־קומט, מחותנת׳טע“, וועל איך דאָך איינגעזינקען ווערען פאַר חרפה.

— וועסט זעהן, חנה — וויל אַלץ חיים נתן אָפּ־לייקענען — וועסט זעהן, אַז ס׳איז נישט אמת. אַט ראַף היינט מאָרגען קומען א בריעף פון דבורה׳לע, וועסטו זעהן אַז ס׳איז ליגענד.

— דו ווילסט אַלץ נישט גלויבען — ענטפערט חנה מיט אַ פאָרוואורף — אַז מען האָט געזאָגט אַז זי שלעפּט זיך אַרום מיט א קצב יונג, האָסטו אויך נישט געוואָלט גלויבען, איך האָב דיך געבעטען, שרייב צו איהר ווי א טאַטע, זי זאָל אוועק וואַרפען דעם יונג, האָסטו אבער מורא געהאַט, אַז זי וועט דיר אויפהערען שיקען געלד. אַצינד קאָנסטו נחת׳ האָבען, אַ קליינִיקייט, חיים נתן שטיין, הנא קצב׳ס מחותן... מען האָט טאַקי געטינג געראַפּט אוועקשיקען א טאָכטער קיין אַמעריקא צו אַזאַ טייערען שידוך...

עס ווערט שטיל. און ר׳ חיים נתן דרעהט זיך ווי־דער אַרום אין שטוב. פערטיעפט אין טרויריגע געדאנקען, ער בלייבט שטעהן נעבען טיש, און אַזוי ווי ער זאָל וועלען פעריאָגען די שווערע מהשבות פונ׳ם מה, ניט ער א מאך מיט׳ן האנד און זאָגט, מעהר צו זיך:

— ניין — ניין, ס׳קען נישט זיין! אונזער טאָכ־טער וועט אונס די חירפה נישט אָנטהון, זי איז אַ גוט קינד.

— זי האָט עס שוין געטהון! זי האָט שוין חתונה געהאַט, זי האט שוין חתונה געהאט...

— איך גלויב עס נישט, ביז זי אליין וועט שרייבען.

— און אז זי וועט שרייבען וועסטו שוין יאָ גלוי־בען? וואס וועט דיר אָבער אַרויסקומען, ס׳וועט דאָך שוין זיין פערפאַלען.

— וואָסושע בין איך שולדיג? — פרעגט ר׳ חיים נתן שטיל מיט א טרויריגען טאָן.

— וואָס דו ביזט שולדיג? — בייזערט זיך חנה — נאָר דו ביזט שולדיג, ווער האָט זי געשיקט קיין אַמעריקא, אז נישט דו?

— נא, וואָסושע האָב איך געוואָלט טהון? — פערענטפערט ער זיך — האָב איך געוואָלט צו זעהן, ווי א מיידעל זיצט ביי מ׳ר אָהן א צוועק, און אָהן א תכלית?... כ׳האָב דאָך איהר אפילו נישט געקענט קיין עסען געבען.

— וואָס האָסטו געטהון מיט די עלטערע טעכטער?

— רעמילט האָב איך נאָך געהאַט, כ׳האָב זיי נדן געגעבען, און התונה געמאַכט אַזוי ווי איך האָב גע־וואָלט. אָבער איהר האב איך דאָך אַפילו קיין שטיקעל לייטיש קליידיל נישט געקענט מאַכען... האָב איך זי גע־זאָלט שיקען דיענען?.. זי האט געוואָלט פאָהרען קיין אַמעריקא, אַ שיפסקאַרט האָט מען איהר געשיקט, נו, איז זי געפאָהרען.

— וואָסושע האסטו אָבער אויסגעפיהרט? — פרעגט חנה מיט ביטערקייט — האסטו אַ קצב־יונג פאר אנ׳איידעם... טאַקי זעהר שעהן, איין איידעם, ר׳ משה׳לע דיין׳ס זוהן און דער צווייטער, חנא קצב׳ס זוהן... איז נישט בעסער געוועהן זי זאָל זיין א דיענסט?...

— איך קען מיר׳ס אָבער נישט פאָרשטעלען ס׳זאָל אָמת זיין. זאָל נאָר קומען אַ בריעף וועסטו זעהן חנה, אַז ס׳איז א ליעגען.

— נו, הלואי, ס׳זאָל ליעגענד זיין — זאָגט חנה מיט אַ זיפץ.

ווידער ווערט שטיל אין שטוב. עס הערט זיך נאָר דער לאַנגווייליגער טיק־טאַק פונ׳ם אלטען וואנד זייגער, און א שטיל הוישען פון דעם זיערענדיגען סאַ־מעוואר... ר׳ חיים נתן שטעהט ביים טיש און פערקוקט זיך אויף די פונקען וואָס פליהען צווײלען אַרויס פון סאַמאָוואר־קוימען. חנה זיצט און צעהלט די אוינען אויף׳ן שפּיעסעל.

דער בריעף־טרעגער ברענגט אַריין א בריעף, ר׳ חיים נתן נעמט דעם בריעף, און חנה פרעגט:

— פון אַמעריקא?

— יאָ, פון אַמעריקא — ענטפערט ער מיט א שטיקעל נצחון — אַצינד וועלען מיר זעהן דעם אמת.

מיט ציטערענדע הענד רייסט ער אויף דעם קאָנווערט, טהוט זיך אָן די בריל, און פאַנגט אָן לעזען:

„טייערע עלטערן!

איהר זאָלט נישט בעז זיין פאר וואָס כ׳האָב אייך שוין זייט פיער וואָכען נישט געשריעבען, ס׳איז דאָך נישט מיין טבע, איך שרייב דאָך יעדע וואָך. איהר וועט מיר אוודאַי מוחל זיין, כ׳בין געוועזען זעהר פערנומען. כ׳האָב פשוט נישט קיין צייט געהאַט צו שרייבען. עס קומט אייך אַ מזל טוב... מזל טוב! ליעבע עלטערן, מזל טוב! איך האב חתונה געהאט. איך וועט אָפשר דער שידוך נישט געפעלען, ווייל ס׳איז נישט אַזוי מיוחס׳דיג, אָבער דאָ אין אַמעריקא קוקט מען נישט אויף קיין יחוס, דאָ איז יעדער גלייך, דאָ קוקט מען נאָר ווער ס׳קען געבען פּרנסה אַ ווייב. איך האָב אייך פריהער נישט געוואָלט שרייבען וועגען דעם שידוך, ווייל כ׳האָב געוואוסט אז איהר וועט זיין דאגענען, און אצינד איז שוין פערפאַלען.

ווינשט מיר מזל טוב, איך האב חתונה געהאַט מיט משה, חנא דעם קצב׳ס זוהן“...

די לעצטע ווערטער האט ער שוין געלעזען שטיל, מיט אַ ציטערינגע שטימע, דער בריעף פאלט איהם אַרויס אויס די הענד און מיט אַ שווערען זיפץ זאגט ער:

— איז עס פאָרט אֱמת... פאָרט אֱמת...

ער בלייבט שטעהן אונבעוועגליך און קוקט שטאַר אויף׳ן אראבגעפאַלענעם בריעף... און שווערע זיפצען רייסען זיך אַרויס פון זיין אינערליכע נשמה.

חנה לאָזט נאָך דאָס שפּיעסעל פונ׳ם זאָק, און מיט אַ טרעהרען פערשטיקטע שטימע זאָגט זי: „נאַ טאַטע, זעהסט שוין?... גלויבסטו שוין? איז עס שוין אֱמת? בעסער וואָלט איך געוועהן געשטאָרבען, איידער צו קומען צו אזא בושה... נחת זיך דערלעבט. א קצב־יונג פאר אַנ׳איידעם, און חנא קצב אַ מהותן...“

— — — — — — — — — — — — —

אַ שווערע שטילקייט איז געוואָרען אין שטוב. דער סאַמאָוואר האָט אויפגעהערט זיעדען, דאָס פייער איז אויסגעגאַנגען, און דאָס מאָנאָטאָנע טיק־טאַק גע־קלאַפּערייי פונ׳ם זייגער האָט אויסגעוויזען אַזוי טרויריג, אַזש א פחד האָט אַרום געשוועבט איבער די גאַנצע שטוב... טרעהרען ווענען אַראָב גערינען פון ר׳ חיים־נתן׳ס אַלטע אויגען, זיי זענען אַרויפגעפאַלען אויף׳ן בריעף, און פערפלעקט די שריפט...

חנה׳ס ליפען האָבען פערשטיקט געמורמעלט:

— נחת זיך דערלעבט... נחת...

II.

ביי הנא דעם קצב איז גרויס שמחה. די יאַטקע איז פול מיט ווייבער און חנא דער קצב, זיין ווייב רבקה און משה דער קצב־יונג קענען זיך נאָר קיין עצה נישט געבען, אלע בעלי בית׳טעם און די דיענסט־מיידען אבצו־פאַרטיגען.

— ר׳ הנא - שרייט א בריי׳טע בעל־הבית׳טע

— גיבט מיר שוין דאָס קעלבערנע! איך קען מיך נישט דערוואַרטען!... איך מוז דאָך געהן אין געוועלב אריין!

— רבקה — רופט ווידער אַנ׳אַנדערע יודענע — חלעבען ס׳איז אַנ׳עולה, וואָס איהר לאָזט מ׳ך אַזוי לאַנג שטעהען! איהר ווייסט דאָך, כ׳האָב איבערגעלאָזט אין דער היים פיצעליך קינדער!

— הער נאָר משה — שרייט ווידער א דיענסט־מיידעל אויף׳ן קול — הער נאָר משה, וואָס איז היינט דער מעהר מיט דיר, וואָס דו לאָזט מיך שטעהען דאָ שוין א האַלבע שעה! — מיין „פּריצע“ וועט דאך מ׳ר אויסקראַצען די אויגען!...

— שרייט נישט אַזוי! — ענטפערט חנא דער קצב — איך קען מיך דאָך נישט צעררייסען!... איך וועל יעדער געבען, וואָס זי וויל... כ׳וועל נישט אַליין אלסדינג אויפעסען...

— אָבער פאָרט אייך גיכער, גיכער! — שרייען די ווייבער — מיר האָבען קיין צייט נישט...

— צוערשט גיבט אונז — שרייען די דיענסטען

— אונזערע בעלי־הבית׳טעם וועלען אונז דאָך די קעפּ אָבדרעהען!

חנא דער קצב און רבקה די קצב׳טע איילען זיך טאַקי ווי ווייט ס׳לאזט זיך נאָר. די יאַטקע איז אבער נאָך אלץ פול. כסדר קומען אָן נייע ווייבער, און די גע־שרייען ווערען וואָס אַ מאָל גרעסער.

פלוצים שטופּט זיך דורך דער בריעפטרעגער און דערלאַנגט חנאין א בריעף.

— פון אַמעריקאַ! — זאָגט ער, ווייסענדיג, אז חנא האָט דאָרט אַ זוהן.

— פון אַמעריקאַ! — רופט רבקה די קצב׳טע איבערראַשט — אנו, חנא, גיב נאָר שנעל א לעז דורך, לאָמיר הערען וואָס ער שרייבט!

און חנא דער קצב ווישט אָפּ די הענד אין פאַר־טוך און נישט הערענדיג אויף די קולות פון די ווייבער מיט די דיענסטען, עפענט ער דעם בריעף און נעמט זיך

ליינען.

ס׳נעהט אבער נישט אזוי גרינג. הנא דער קצב איז א קליינער למדן, און זיין זוהן איז אויך נישט קיין ספרא־רבה! די אותיות פונ׳ם בריעף זעהען אוים ווי קאטשערעס־לאפּעטעס און נאר אזא עם־הארץ ווי הנא קען זי׳ ענטציפערן.

— וואס בעלעמעקעסט דו ראַרט אזוי לאנג! — רופט רבקה אונגעדולדיג · ס׳דאכט זיך דיר, אז דו טרייבערסט אנ׳אקס... גיב א לעז דורך און זאג מיר וואס ס׳שטעהט אינ׳ם בריעף!

אבער הנא קוועטשט זיך און קוועטשט זיך... קוים קוים מיט מיה נעקומען צום סוף!

— נו? — פרעגט רבקה ווייטער — מען מען שוין וויסען?...

— פאַר־וואס נישט? — ענפערט הנא — ס׳איז קיין סוד נישט! ס׳קומט אונז א מזל־טוב! אונזער זוהן האט התונה געהאַט...

— התונה געהאט! — שרייט רבקה מיט וועמען? בוודאי מיט הנה שטיין׳ס שלעפערקע? א שענע מחותנת׳טע האט ער מיר אבגעזוכט!

— מיט ר׳ היים נתן׳ס טאָכטער? — פרעגט א נעבען איהר שטעהענדע יורענע — טאַקי א וואהלער שידוך! סטייטש, אזא מיוחסת!

— יהוס נא קבורות! — שרייט רבקה די קצב׳טע מיט כעס — כ׳האב ווייניג קבצנים אין דער משפחה, האט מיר מיין מאן׳ס סינאק פערשאפט נאך איינעם! קיין בעסער׳ס האט ער זיך שוין נישט געקענט אבזוכען!

א פערשאלטען ואל ווערען דאס אמעריקא. איידער איך האב דאפין געהערט!

הנא דער קצב הערט אוים איהרע פזמונים און שווייגט. ער ווייסט נאך נישט, צי זאל ער זיין צופרידען מיט׳ן שידוך, צי נישט.

— וואס שטעהסטו דא ווי א ליימענער גולם? — צעררשרייט זיך רבקה די קצב׳טע — אפשר ווילסטו ארויף געהען צו דיין מחותן דעם קבצן זיך מיט איהם צוקושען? ליין שוין א וועג די האר־צידינע פישמא און פטר אב די קונים! א שיינעם נחת זיך דערלעבט אין מיין זוהן! א שיינעם נחת!

# א פרעמיע פאר אונזערע אבאנענטען!

## א רייזע קיין ארץ־ישראל

איז דאס אידעאל פון יעדען יוד! יעדען יוד וויל זיך בעזוכען דאס היילינע לאנד, וואו דאס יודישע פאלק האט פערלעבט זיינע בעסטע יאהרען זיין גליקליכע פערגאנגענהייט, און וואו עס ליענט אויך די צוקונפט פון כלל־ישראל. דארט וואו יעדער שטיין, יעדער בערג און יעדער טהאל איז פול מיט היסטאָרישע זכרונות פון אונזער געשיכטע און פון אונזער טראדיציע.

ביי די איצטיגע פארטנעשוישענע פערקעהרסמיטעל איז אזא רייזע ניטשט מעהר פערבונדען מיט בעזונדערע שוועריגקייטען, ווי אין אלטע צייטען; זי איז פיעלמעהר א פערגניגונגס־רייזע אין אמת׳ן זין פונ׳ם ווארט, פערגניגונגס־רייזע פאר׳ן גייסט און פאר׳ן גוף.

און עס מעהרט זיך אויך אין דער לעצטער צייט די צאהל פון דיזע־ נינע וואס פאהרען קיין ארץ ישראל, בעזוכען די היילינע ערטער פון דער פערגאנגענהייט, און די יודישע קאלאָניעס, די הערליכע בילדער פון דער צוקונפט.

די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג", וועלכע האט אין דער קורצען צייט פון איהר בעשטעהען געוואונען אזוי פיעל פריינד און אנהענגער צווישען יודישען לעזער־פובליקום, וויל אויסדריקען איהר דאנקבארקייט פאר דיזע אנהענגליכקייט, אויסשרייבענדיג אלס א בעזונדערע פרעמיע פאר איהרע יעהרליכע אבאנענטען

## א בחנס׳דיגע רייזע קיין ארץ ישראל און צוריק.

דאס רעכט אויף דיזער פרעמיע האבען אבאנענטען, וואס אבאנירען דאס בלאט דירעקט ביי דער אדמיניסטראַ־ ציע אויף א גאַנץ יאהר און צאהלען איין דעם פולען אבאָנע־ מענטס־פרייז.

יעדער פון דיזע אבאנענטען בעקומט א לאז מיט % נומער, אין א בעשטימטען דאטום, וועלכעס ווערט שפּעטער בעקאנטגעגעבען ווערען, וועט שטאטפינדען א ציעהונג, און וועמעס לאז ס׳וועט געוואונען, דער וועט בעקומען בחנם א

### רייזע־קארטע קיין ארץ־ישראל און צוריק פון זיין וואהנארט אוים.

די קארטע וועט נישט האבען קיין בעשרענקטע צייט. מען וועט אויף איהר קענען פאהרען ווען מען וועט וועלען; זי וועט אייך נישט זיין אויסגעשטעלט אויף א בעשטימטען נאַ־ מען; מען וועט זי קענען אבטרעטען וועמען מען וועט וועלען.

די רייזע וועט ויין אין עסטעררייך־אונגארן דורך טריי־ עסט, אין רוסלאנד דורך אדעס, אין רומעניע דורך קאנסטאנ־ צא, אין אנדערע לענדער דורך דעם האפען, וואס איז אם נאהענסטען צום וואהנארט פון דעם געוואונער פאן לאז.

די פערלאזונג וועט געשעהען עפענטליך, אונטער טהייל־ נאהמע פון בעקאנטע יודישע פערזענליכקייטען. יעדער אבאָ־ נענט וועט אויך האבען דאס רעכט, צו זיין אנוועזענד ביי דער ציעהונג, וואס איהר צייט וועט רעכטצייט בעקאַנט געגעבען ווערען אין אינזער צייטונג.

דאס רעכט אויף די לאָזע האבען אויך די ביזהעריגע יעהרליכע אבאנענטען. דיעיעניגע, וואס האבען דאס בלאט אבאנירט בלויז אויף א פיערטעל אדער א האלב יאהר, קענען איצט צוצאָהלען דעם רעשט און זיי וועלען עבענפאלס בעקו־ מען דאס רעכט אויף טהיילנאהמע אין דער פערלאזונג.

מיר האפען, אז דיזע פרעמיע וועט געפונען די אנערקענונג פון דעם יודישען לעזער־קרייז און וועט אונז ערמעגליכען. דיזעלבע עפטערס צו ווידערהאלען.

די רעדאקציע.

# רעטהזעל.

(די נעמען פון די אויפלעזער ווערען פערעפענטליכט).

I.

אויס יעדעם פון די ווערטער: קאוטע, קריש, סעקירען, מאשקע באקענבארט, מענש, ריינישׁ, טשאפקע, צענטנער, זאל מען ארויסנעמען צו 3 אותיות וואס שטעהען צוזאמען, די ארויסגענומענע אותיות אין דער שורה נעלעזען, בילרען א יודיש שפריכווארט.

II.

די אותיות פון יעדעם פאלגענדען ווארט: חורב, פתחי, נאנעל, נעבעל, מוריה, טאקסע זענען אזוי אומצו־שטעלען, אז די נייע ווערטער זאלען א בעדייטונג האבען. די אנפאנגסבוכשטאבען פון די נייע ווערטער בילרען דעם נאמען פון א בעריהמטען העברעאישען דיכטער.

סאנוק, אב ן שה״ם.

III.

איהר זעהט אליין וואס איך בין
איהר דארפט נאר פאלען אויף דעם זין,
כ׳בין שוין פיעל מאל דא געוועזען
און כ׳בעט, מען זאל מיך אויפלעזען.

פשעמישל, ישראל טענענבוים.

# מאטהעמאטישע אויפגאבע.

א סוחר האט אין ניוועלב 10 געוויכטע מיט וועלכע ער קען יערעם איינצעלנע פונט סחורה פון איינס ביז טויזענד ווענען, וואס פאר געוויכטע זינד עם?

בוריסלב. שלמה בעסטער.

# רעטהזעל־אויפלעזונגען.

די אויפלעזונגען פון די רעטהזעל אין נו׳ 16 זיינען:

| I. | II. |
|---|---|
| פעסט | לינץ |
| סובה | ווארגע |
| חנוכה | פינף |
| שלמה | טהעע |
| נעכטען | שאל |
| יעקב | יוני |
| „פסח־שני״ | פאוען |

„לופטשיף־צעפעלין״.

ריכטיגע אויפלעזונגען האבען געשיקט: ליבוש דאמאנט, סטרזישוב, נתן העניג, נייי־סאנרעץ. זלמן האכבערנער, סטריא. יעקב מיימון, זאלקיעוו. זיינוויל יעשטעס, פאדוואלאטשיסקא. מיכאל נרין, ווילנא. דוב ברילער, טארנאפאל. משה בירנבוים, ווארשא. משה ליעבערמאן, סאנדאווא־ווישניא. שלמה פלוימענהאפט, סטרזישוב. שמעון פאליק, טארנאיו. אדאלף קעסלער, בודאפעסט. קלמן פראפער, קרשאנוב. ישראל טענענבוים, פשעמישל. משה מארדער, הושיאטין. יוסף לויפער, טארנאיו. יס״ר, זאבנא. יעקב ראטהשטיין, קאלבושאוו. צבי ראנד, טארנאווא. מקל״ר הכהן, דוב באסעבעס, נאדווארנא. מ. סאמועלי, לעמבערג. משה העסס, נייי־סאנדעץ. חיים קעלער, סניאטין. אברהם שפירא, סוטשאווא. הערץ פוכס, לעמבערג. שרה דאאר, רעמביצא. אברהם ראפאפארט, לעמבערג. בליכא און דבורה צוקערבראר, מיראז. אברהם שלאף יוני, וויעלקיאטשי. שמחה פעלנער, מיקולינצע. משה טענענבוים, מיעלעץ. שמואל באסקא־וויטש, ברין. יעקב שמואלאוויץ, ווארשא. נחום ראטהמאן, טשענסטאכאוו. צבי גרינשפאן, טארנאפאל. מענדעל לינדער, רעמביצא. חוה נעפפעל, שענרישיב. יואל טראמ־פעטער, מיעלעץ. סאמועל ראפאפארט, וויען. עמאנועל הערמאן, פ־עסבורג. יעקב פינקאס, בוקאווסקא. אמאליא בלומענקראנץ, טארנאוו. חיי צוקערבראר, סאנדאווא־ווישניא. בער מיללער, בוקאווסקא. ליבוש ווינצעלבערג, טשענכאוו. נרשון ווינצעלבערג, טארנאוו. שלמה גרינבערג, בענדזין. אברהם קאהאנאוויטש, קאוונא.

# גראטולאציע.

איך גראטוליערע פון טיעפען הערצען מיין פריינד יעקב נעטץ צו זיין פערלאבונג מיט פ־ל. אננא שענדארף אים מאי 1909.

יוסף טעפפער, ה־ראיו.

# בריעפקאסטען.

אויף מעהרערע אנפראגען זענען מיר מודיע, אז די פערלאזונג פון דער ארץ־ישראל פרעמיע ווערט נאך שטאט־פינדען דיעזען זומער און מען וועט נאך קענען דיעזען הערבסט פאהרען. די לאזע וועלען מיר באלד אלע נאנצ־יעהריגע אבאנענטען צושיקען — ווער ס׳האט ביז איצט אבאניערט בלויז אויף א פיערטעל אדער א האלב יאהר, קען צוצאהלען דעם רעשט און ער וועט בעקומען דאס לאז.

מקלר הכהן: 1) איהר קענט צושיקען; אויב ס׳וועט אונז נעפעלען, וועלען מיר דרוקען. — 2) יא.

רעטהזעל: מיר קענען נישט אלע רעטהזעל דרוקען, וואס מען שיקט אונז איין. אויב א רעטהזעל איז גוט, וועט עס נעדרוקט ווערען.

הושיאטין: א רעדאקטער איז נישט קיין נביא און קען נישט האבען די גאנצע ליטעראטור אויף׳ן קאפ. ס׳איז אויך קיין אונגליק, וואס דער ארטיקעל „דאס אלטע און דאס נייע דורי איז איבערזעצט פון העברעאיש. נא־טירליך וואלט דער איבערזעצער דאס נעדארפט שרייבען.

צו מעהרערע: די ערשטע פא־טועצונגען פון „דון יוסף הנשיא״ וועלען ערשט נעדרוקט ווערען, דערנאך וועלען מיר זיי אלע נייע אבאנענטען צושיקען.

ה. אמפעל, איזלאוויץ: הננו מסכימים, תוכל לשלוח ותקבל הכל.

ח. ט. אינטעליגענץ־פריפונג ברויך מען אב־לייגען אין לעמבערג. ווענען די ביכער ווענדט זיך צו א מיליטעריישער פארבערייטונגס־שולע.

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie.